הינדע זאַרעצקי

# דער
# פּערטער
# ניגון



פאַרלאַג „מרדכי לייב"
ניו־יאָרק, 1960

פון זעלבן מחבר:

„קראָטאָנאַ פּאַרק בריגאַדע", 1949

# DER FERTER NIGUN

## *The Fourth Melody*

by

HINDE ZARETSKY



Printed in the U.S.A.
by Futuro Press, New York, N. Y.



200

# ליכטיקע מיסטעריע

אַ ליכטיקע מיסטעריע איז דאָס ליד,
ווי די שוועסטער קינסטן פון די זיבן צווייגן;
בת השירה קומט, מיט שטיל-געצאַמטע טריט,
אַ ליכטיקע מיסטעריע איז דאָס ליד.
דער מייסטער צייכנט און ווערט נישט מיד, —
ער שלייפט מיט די וואונדער-געצייגן.
אַ ליכטיקע מיסטעריע איז דאָס ליד,
ווי די שוועסטער-קונסטן פון די זיבן צווייגן.

## אַ ניגון

מיטן ייִנגסטן באַגינען
האָט זיך דער דיכטער געפֿעדערט,
געקליבן — לידער געסדרט,
האָט אַ ניגון געטאָן זיך שפּינען.

אין האַרצן פֿון דיכטער — — —
געזונגען האָבן ווינקלען די פֿיר;
דאָס ביישטידל, די צעפּראַלטע טיר
האָבן שירה געזונגען צום דיכטער.

פֿון יענער זייט טיר דער צעפּראַלטער,
איז דער דיכטער געגאַנגען זיין וועג
דורך צער צו אַ ליכטיקן ברעג, —
אַנטקעגן אַ וועלט אַ צעשטראַלטער.

## היטערין פֿון עכטן גאָרטן

זי שפּאַנט אַרום די גרינע בייטן
שטיל, הכנעהדיק ווי אַ טויב, —
פֿון בלעטער ווישט זי אָפּ דאָס שטויב,

יעט אויס דאָס ווילד־גראָז אויף די בייטן.
זי קוקט אַריבער דעם הייכן פּלויט, —
איבערן וועג שפּילט איינער אויף אַ פּלייט.

צעשמייכלען זיך די פּלאַנצן און די קווייטן.
וואַגלער קומען דורשטיקע צום קוואַל
און טרינקען שיינקייטן פֿונעם לידער־שאַל.

הכנעהדיק שפּאַנט זי אַרום די בייטן — — —

## די ברכה

ס'זינגט דער דיכטער זיין אָדע
צום בורא און זיין באַשאַף — — —
שפּאַנט דער זייער טראַף-נאָך-טראַף ;

גייט דאָס פעלד אויף מיט זאַנגען,
זון קושט די טרויבן אויפן בוים, —
די ברכה צעטראָגט זיך אין רוים.

גייען שניטער אַהיים מיט געזאַנגען :
„זינט מענטש האָט געבויט זיין געצעלט,
הייבט זיך אָן די מעשה פון דער וועלט".

און ס'זינגט דער דיכטער זיין אָדע — — —

# אַ בעטלערס תפילה

## א

— שניי, רעגן און ווינט
האָבן מיין פּנים געגלעט;
אויף די ליפּן האָט געגליט
אַ תּפילהדיק געבעט:

— ניט עגבערן זאָל הונגער
מיינע צוקנדיקע גלידער, —
צערטלען דורך מי און וואונדער,
ווי תּפילהדיקע לידער.

— אויף יאַרידן טוען לידער
באַשיינען סוחרים און טומלער;
האַנדל איז אין שפּליטער? —
צעטענצלט זיך אַ קרומער.

— דער יאַריד איז אין פלאַקער
טראָגן אָקסן מאַרק אויף הערנער;
דער הענדלער און מנקר
שטעכן זיך דורך דערנער — — — —

— גייען מיר און גייען,
מיר ווערן קיינמאָל מיד, —
דורך רעגן און דורך שנייען,
מיר זינגען אונדזער ליד.

— איך, אין צוקנדיקן הונגער
איינער פון די בעטלער זיבן, —
דורך תּפילה און דורך וואונדער
מיר האָבן זיך דאָ פאַרקליבן,

— אין הייל פון ליכט און שטערן,
וואָס בלינדער האָט דערזען, —
אויסטיילן צווישן גאָטס קרן
דאָס ליכט וואָס ער׳ט דערזען — — — —

— זיינען מיר בעטלער אין נויט,
פון גרויסע יאַרידן פאַרטריבן, —
ציטערן ווי פאַר דעם טויט
און צערטלען וואָס מיר'ן פאַרשריבן.

— גייען מיר און גייען,
מיר ווערן קיינמאָל מיד, —
דורך רעגן און דורך שנייען
מיר זינגען אונדזער ליד.

— פולע טאָרבעס — אונדזער פאַרמעגן,
שטעקנס פון פימסנהאָלץ, —
חלומות כוואַליען אַריבער די ברעגן,
די אָרעמקייט מיר טראָגן שטאָלץ.

— גייען אונדז אוים די קרעפטן
שפּאַנען די שטעקנס אַליין, —
און וואונדער טוט העפטן און העפטן
דעם וואונדער דורך וואונדער אַליין — — —

# דער שטעקנטאַנץ

## ב

שטעקנס פון הענט פון די גייער
קלאַפּן אויס אַ ליד מיטן טראַפּ:
— מענטש, נעם אַראָפּ דעם שלייער
פון אַ וועלט וואָס היפּערט „האָפּ-האָפּ!

מיר וועלן אויסטאַנצן דעם טרויער
פון אַ וועלט געבאָדן אין טרערן, —
דערוואַכן זאָל דער ליכטיקער בויער,
וואונדער-געזאַנגען ער זאָל דערהערן — — — —

— מירן דורכשטעכן נעפּל געדיכטן,
וואָס פאַרהוילט אמת און גלויבן;
אויפטויכן זאָלן באַהאַלטענע שיכטן —
אוצרות צום בורא אין לויבן —

מענטש האָט אויפגלעייזט דעם שלייער,
פאַלן זונשטראַלן סנאָפּ-נאָך-סנאָפּ;
שטעקנס פון הענט פון די גייער
קלאַפּן אויס אַ ליד מיטן טראַפּ.

איבער וועגן, איבער שליאַכן די זיבן,
טאַנצן שטעקנס אַ ריקוד מיט ברען;
פרישע כוחות האָבן בעטלער אָנגעקליבן,
דערפרייטע האָבן זיי זיך דערזען — — — —

קומען בעטלער מיט נייע קרעפטן
אָנטקעגן שטעקנס אין כישוף-טאַנץ;
הענט טוען זיך מיט שטעקנס באַהעפטן —
און שפּינען ווייטער זייער לידער-קראַנץ — — — —

# דיין וואונדער

וויפל פרילינגס כ׳האָב דיין וואונדער געזען
ווייס איך ניט, גאָט, כ׳קען היינט ניט ציילן —
מיר דוכט, ערשט נעכטן בין איך קינד געווען,
היינט האָט מיין געביין אַ סך צו דערציילן.

טו איך זיך אוים פון הויט און פון ביין,
כ׳פאַרקלייד זיך אין מיין שענסטן שמייכל,
כאָטש הינטער מיין שמייכל — אַ ים מיט געוויין —
כ׳וויל היינט ניט פאַרשעמען גאָט אין זיין היכל.

כ׳פאַרנעם זיך דעם וועג צום שטאָטישן סאָד,
אין בליאונג די ביימער זיי שמייכלען אַנטקעגן;
אין זכרון וואַכט אויף פאַרגעסענער גנאָד —
אין וואַלד אין פאַליעסער שלענגלען זיך וועגן:

איין וועג פירט צום וואַלד מיט סודות,
איין וועג פירט פון אוצרות דעם וועכטער,
איין וועג פירט פון גליק דעם עדות,
איין וועג פירט צו מיין פריידיק געלעכטער —

דאָ האָב איך שוואָמען און פאַזיעמקעס געקליבן,
דאָ האָב איך געריסן וואַלד־עפּעלעך גרינע,
אויף אַ דעמבבענעס שטאַם מיין נאָמען פאַרשריבן,
דאָ האָב איך דערזען גאָט אין זיין שכינה.

# שלאַנק ווי אַ סאַרנע

אויפן יום-טוב פון לעבן
האָב איך זי געטראָפן;
שלאַנק ווי אַ סאַרנע, שיין
ווי אין לידער סטראָפן — — — —

איר ליבשאַפט צום וואָרט
דורך אַלע חושים זי היט, —
איבער די אוצרות זי וואַכט
אין תפילהדיקע טריט.

די יידישע ליטעראַטור
אַ גרין-צעבליטער וואַלד;
דער אייביקער פאַסטוך, —
אויף זיין פייפל ער שאַלט.

די ביימער רייפן בשמים —
דערקוויקן דעם געמיט;
עס זינגען די משוררים,
— גאָט, די שלימות היט — — — —

אויפן ים-טוב פון לעבן
האָב איך זי געטראָפן;
שלאַנק ווי אַ סאַרנע, שיין
ווי אין לידער סטראָפן — — — —

## דיכטערינס

אַזוי-פיל מאָל געשפּאַנט איבער
די פעלדער פון אייער חלום, —
געקרייצט דורך באַרג און טאָל,
מיט אייך געשוועבט אין חלל;

אין טעם פאַרזוכט אי פרייד, אי צער.
די לויטערע מינוט פון שירה
באַשווערט דעם היטער פון געזאַנג —
צו וואַכן דורך גאָטס הייליקער יצירה.

דורך תחינות און דורך תפילות
אין מיין עלנט זיך דערהויבן, —
געזעטיקט מיין וועלפּישן הונגער
מיט ליבשאַפט און מיט גלויבן.

כ'האָב געאָטעמט געזאַנגען ליכטיקע:
געפלאַטערט אין יום-טוב און אין תפילות;
שרה בת טובים, במתנה האָט געבראַכט
פולע הויפן גוטסקייט ברגילות —

„דער באָבעס אוצר" האָט לכבוד שבת
מיך געטאָן דערגרייכן;
כ'בין אַוועק פון וואָכעדיקע זאָרגן —
„לכה-דודי" ט'זיך געטראָגן אין די הייכן.

„פריידקע" האָט פון דער וואָכעדיקער וועלט
אַפיר געבראַכט אַ פולן קויש מיט זאָרגן;
איז די זינגערין אַנטקעגן איר געקומען
און דערפרייט — געמאָלן אַ ליכטיקן מאָרגן.

אַזוי פיל מאָל געשפּאַנט איבער
די פעלדער פון אייער חלום, —
געקרייצט דורך באַרג און טאָל,
מיט אייך געשוועבט אין חלל — — — —

## מיטן ריטם פון ים

מיטן אייביקן ריטם פון ים
זאָל שלאָגן מיין ליד;
טיף ווי דער גרונט,
באַטעמט ווי די זאַלצלופט
זאָל שמעקן מיין ליד;
אור־גראָזן פלאַנצן געצווייגטע,
זאָלן פעדעמען מיין ליד;
אַטלאַנטידעס, מיט זייערע שוים־פליגל
זאָלן שוועבן איבער מיין ליד.
דער גאָלד־פיש מיט די זיידענע פלוספעדערן
זאָל שטראָמען צו מיין ליד.
און דער לויתן
מיט זיין לעגענדאַרער גבורה
זאָל האַפטן מיין ליד — — —

## צום ליד

ווען איך דערפיל דיך אין מיין חלום,
ווען איך דערפיל דיך אויף דער וואָר,
ווער איך פאַרפלאָנטערט ווי אין אַ חלום —
כ׳זוך דעם סוד אַרויסצוכישופן דיך קלאָר — — —

## דיינע פליגל

דיינע פליגל, גאָט, הער איך איבער מיר פלאַטערן,
ווי זינג־פייגל אין שעה פון זון־אויפגיין, —
דיין קול טוט שטיל צו מיר אַראָפּנידערן;
דאָס ניט דערזאָגטע וואָרט ווערט נאָענט ווי געוויין.

## אין זכות פון וואָרט

אין זכות פון וואָרט
האָט זיך די בריק געפעסטיקט, —
האָב איך געבענטשט דאָס וואָרט.

דורך דער נאַכט
דער גאַנצער האָב איך געוואַכט;
דורך אויגן אין דרימל
האָב איך געזען:

אַ זילבערנע שיף;
די זילבערנע שיף
האָט צו מיר געבראַכט
אַ בינטל ליכטיקע בריוו.

מיט פלאַטער אין האַרצן,
מיט פיבער אין בליק,
בין איך געגאַנגען
צו דער געפעסטיקטער בריק — — —

## עשירות

ווען איך האָב די ליכטיקע וועלט דערזען,
איז דער טייטש־חומש,
די צאינה וראינה,
די לויטערע לעגענדע
און מיין עשירות, —
דער אַלף־בית
שוין געווען — — —

גאָט האָט פון תוהו ובוהו
אויסגעסדרט אַ וועלט, —
טייכן האָבן געזילבערט,
דער הימל האָט געהעלט.
מענטש האָט דעם וואונדער באַנומען,
מענטש האָט דעם וואונדער דערקענט,
און מעשיות, אייביקע, געשפונען — — —

## פריידיקע טעג

און עס וועלן פריידיקע טעג נאָך זיין,
קינדער וועלן אונטער פרייע הימלען זיך שפּילן;
טרויבן וועלן אונטער זוניקע הימלען צייטיקן דאָס וויין,
און פּעסער וועט מען אין די קעלערן אָנפילן — — —

אויפן יובל־טאָג ווען פעלקער וועלן זיך פאַרשטיין,
און טראָגן וועט מיין בענקשאַפט זיך אין חלל;
מיטביידע הענט כ׳וועל אָפּווישן ס׳געוויין —
די טרערן, וואָס פאַרשטעלן מיר מיין חלום.

## קינדערלעך האָבן געשטיפט

קינדער האָבן אויף אַ בערגל געשטיפט,
זומערדיק געלאַכט האָט דאָס צייטיקע פעלד,
מיט גאָלד און מיט ליכט די זון האָט געטריפט, —
און הימל דער בלויער אין פרייד האָט געקוועלט.

## זון

אַ גילדענער דיסקוס אין מזרח,
זון־שטראַלן קושן פרימאָרגן טוי, —
בלומען אַנטקעגן הימל דערוואַכן;
דער טאָג — אַ יינגלינג אין בלוי.

## נאַכטיקער שימער

אין נאַכטיקן שימער לויכט אויף דער הימל,
מיליאַרדן שטערן פינקלען זיך אַדורך;
דער מילכוועג ציט זיך ווי אין דרימל — — —
אַ תפילה צום בורא אין ערפורכט.

**לכבוד 300 יאָר יידיש אַמעריקע**

## אַ רינג אין דער גאָלדענער קייט

### אַ בריוו צום זיידן

טייערער זיידע ר׳ מענדעלע,
איך לייג אַוועק „שלמה ר׳ חיימס״,
ווי מיין פאָטער דעם ספר
פלעגט קושן מיט אַ ליוב
צום בורא עולם
און צום לאַנד פון די אבות.

זינט איך האָב אין טעם פאַרזוכט
דעם אַלף־בית,
די ברכה מודה אני,
ביז היינט —
האָב איך דעם וועג דעם ליכטיקן
ניט אויסגעביטן.
דורך נויט, דורך צער, —
אַנטקעגן אַ געזאַנג כ׳בין געגאַנגען;
דאָס געזאַנג פון מאַמע־לשון
איז מיין פרייד, מיין שכר — — —
אויף דעם וועג דעם ליכטיקן
איך בעט, איך טו תפילה:
מיין לעבן זאָל ניט ווערן אויסגעלאָשן,
ביז כ׳וועל דערציילן וואָס כ׳האָב געהערט.

אויפגעטויכט האָבן פאַר מיר ניגונים:
„אין דער סאָכע ליגט די מזל־ברכה״,
„מיר ווערן געהאַסט און געטריבן״,
„מיטן וואַנדער־שטאָק אין האַנט״,
„עוד לא אבדה תקותנו״ און
„מזמור שיר ליום השבת״.

טייערער זיידע ר׳ מענדעלע,
דאָ, אויף נייעם באָדן,
הימ מען די גאָלדענע קייט — — —
רינג אין רינג פלעכט זיך דער אייביקער ניגון:
מאָל פּיסעם שפּאַנט אַנטקעגן אַ פאַריתומטער וועלט,
מאָל פּיסעם שפּאַנט מיט געזאַנג,
און ס׳איז פּיקוח זיין ניגון.

טייערער זיידע ר׳ מענדעלע,
דעם בריוו שרייב איך אונטערוועגנס,
דער באַן שלינגט, שלינגט רגעס
און פירט מיך צום יום־טוב פון וואָרט.
קום איך ווידער צו דערציילן:
זינט איך האָב אין טעם פאַרזוכט
דעם אַלף־בית,
די ברכה מודה אני —
טונק איך מיין האַרץ אין מאַמע־לשון,
איך בעט, איך טו תפילה, —
מיין לעבן זאָל ניט ווערן אויסגעלאָשן
ביז איך וועל דערציילן
וואָס איך האָב אויף נייעם באָדן געזען,
וואָס איך האָב אויפן יום־טוב פון וואָרט געהערט.

# מאַנהעטן

אַ גילדענער האָן אויף אַ קלויסטער,
דער טורעם אויף עמפּייער סטייט —
נעם איך אַרויס אַ בלעטל פון רייסטער
און דערצייל ווי די מעשה גייט:

פאַר מעסערס און קאָלדרעס און צירונג,
האָבן אינדיאַנער דעם אינדזל פאַרהאַנדלט;
האָט זיך איינגעשטעלט אַ נייע פירונג, —
מאַנהעטן אין אַ שטאָט פאַרוואַנדלט.

זיינען שיפן איבער ימים געשוואומען,
מיט פעק און מיט זעק און מיט פּראַכט;
אימיגראַנטן זיינען פון ווייטע לענדער געקומען,
גלויבן, ירושה אויף נייעם באָדן געבראַכט.

הייזער האָט מען פון קאָרע געמאַכט,
ביימער צעזעגט — אויף האָלץ צעשניטן;
משפּחות האָבן איבער זייערע היימען געוואַכט —
גלויבן, רעליגיע, האָט מען ניט געביטן.

אויף אַכצן לשונות *) האָבן פעלקער גערעדט,
שכנים האָבן בשותפות געהאַנדלט, געבויט;
יעדער צו זיין גאָט — אין תפילהדיק געבעט:
„דאָס מזל זאָל באַשיצן פון הונגער, פון נויט".

דעם באָדן געפלאַסטערט, געלייגט שטאָלענע שינעס,
לאָקאָמאָטיוון האָט מען מיט פּאָמפּע געלאָזן אין גאַנג;
אונטערן פרייען הימל געגלאַנצט האָבן שינעס,
באַנען האָבן געטאָן לויפן מיט גלעקל-געקלאַנג.

*) איינער פון די 18 לשונות איז געווען יידיש.

דורך האַנדל און וואַנדל האָבן זיך כחות פאַרמאָסטן,
אין קלאַסן צעטיילטע האָט די שטאָט געברויזט;
סוחרים און הענדלער האָבן אין חשבון אין פראָסטן,
מיט בויער און מייסטער מער נישט געהויזט — — —

האָט דער גילדענער האָן זיך צעבייזערט, צעפלאַטערט
„אין גאָרטן, אויףביימער וואַקסט ניט קיין טורעם!
בויער און מייסטער האָבן יאָרן געפּטרט
צו באַקרוינען די שטאָט אין איר ליכטיקן פורעם".

## אַ תפילה

די האָרנדיקע לבנה איז גאָטס הייליקע פייפל,
שפּילט ער אויף זיין פייפל דאָס געטלעכע ליד.
קומען זיך אָפּרוען בויער וואָס זיינען מיד,
און חלומען אַרום גאָטס הייליקער פייפל.

שווימען שטערן ווי די גאָלדענע לאָמען
און קרעפּטיקן די ביינער פון מידע בויער.
גאָט נידערט אַראָפּ און נויגט צו זיין אויער
צום געזאַנג וואָס טראָגט זיך איבער שבעה ימען.

שטאָל און מירמלשטיין טוען די געזאַנגען הערן,
פון גרונט ביזן טורעם, די פרייד זאָל געווערן — — —
די שטאָט פון וואונדער — די שטאָט פון וואָלקן־קראַצער.

מיט געהויבענע הענט אַנטקעגן שיין פון דער לבנה
בעטן עדהם: „בורא עולם פאַרהיט פון אַטאָמישער סכנה,
נאָר דו זיי דער שופט, נאָר דו זיי דער שאַצער".

# ניו־יאָרקיש

די וואָלקן־קראַצערס
האָבן דעם הימל צעפּאַסעוועט
און זיך קוביסטיש אויסגעשטעלט.
פון אוצרות די שאַצערס,
האָבן דורך טונעלן,
אונטערבאַנען זיך צעיאָגט.
טראָגן זיך דורך נאַכט און דורך טאָג:
הענדלער,
סוחרים
און די בויער פון דער שטאָט.

דורך טונעלן, אונטערבאַנען,
גיך־גיך, גיך־גיך,
ראָלן רעדער איבער שינעס
און פירן דעם סוחר אויף זיין האַנדל,
דעם הענדלער אויף זיין וואַנדל,
דעם בויער אויף זיין אַרבעט.

איינער קומט מיט פּראָסטער קאַפּולע,
ער באַשוכט בני אָדם,
ער זינגט זיין ליד:
— בלימלעך, קרענצלעך,
און דרייצן שלייערן
דעקן אויף דעם וויינריב
ביים פלאַם פון קאַמין — — —

איינער קומט מיט אַן עמער,
אַ זעמשענע טוך
צו פּוצן און רייניקן פענצטער;
אין האַרצן טראָגט ער אַ שפּרוך:
„נאַרייעוו, נאַרייעוו,
פון אַלע שטעט ביסטו מיין שענצטע".

איינער קומט מיט אַ לייטער,
מיט אַ באַרשט צו פאַרבן פרעמדע ווענט,
מיט סודותדיקער תפילה
פון בעל-שם
הייבט ער זיינע הענט:
צו „ווערטער וואונדערלעכע, שטילע".

איינער קומט מיט ראָלם פּאַפּיר,
צו טאַפּעטן שטוביקע ווענט.
דאָס ווייסע פּאַפּיר
בלענדט און בלענדט:
— אויף וועגן סיבירער
האָט שניי זיך צעהעלט, —
ניט אַזוי וואָכעדיק
ווי אויף היימישע ווענט — — — —

איינער ברענגט אַ מאָנונג אין זיין קול:
לאָמיר אונדזערע געזאַנגען באַנייען,
לאָמיר אָנהויבן די סדרה — יידיש-אַמעריקע!
האָבן זינגער מארבע פּינות העולם
צוגעטראָגן ליכטיקע געזאַנגען:
„אויף נייע וועגן", „דער פערד גנב",
די מעשה מיטן „לאָשיקל", „קענטאַקי" און
„אָ, גינגעלי, מיין אומרו דו — — — — "

יידיש-טרובאַדורן, אין רוישיקן ניו-יאָרק,
שמידן ביז היינט די גאָלדענע קייט.
איינע פלעכט אַ „קראַנץ סאָנעטן",
איינער חלומט מיט „פאַביום לינד",
איינער לויכט אויף מיט „שטראַלנדיקע יידן"
צו טרייסטן די וועלט און זיך — — — —
איינער שטעלט אויף „יעקבס געצעלטן"
צו דערקוויקן מיט זיין לויטערן קוואַל;

איינער זינגט אַ „זמרל" פון שוסטער און פּאַטן,
צו באַקליידן די נאַקעט-באָרוועסע וועלט — — —
איינער וויקלט אויף דעם פּלאָנטער
פון דער שלענגלדיקער „סטעזשקע",
מיט די מחנות טרובאַדורן
אינעם רוישיקן ניו-יאָרק.

ער איז מיד, אַביסעלע געבויגן,
נישט געבראָכן.
מיט ליבשאַפט, מיט ערפורכט
טראָגט ער זיינע יאָכן:
ער ברענגט די אוצרות
צום אָפּגעפרעמדטן, צום געפונענעם דור,
די געפונענע זין און טעכטער
שעפּן פולע הויפנס: —
פון זיידן ר' מענדעלע
ביזן יינגסטן פון מיין דור.



די זילבער פליגל פון עראָפּלאַן
שניידן דורך לופט, דורך זון,
פעסט און זיכער ווי דער פּעליקאַן;
טראָגן אים איבער גרעניצן,
טראָגן אים איבער ימען
צום יום-טוב פון וואָרט.

# סינדערעלאַ אויף דער „פּיקעט ליין"

גיך־און־גיך איז זי אין שטאָט געלאָפן,
אויפן „פּיקעט ליין" ברידער שוין געטראָפן.

צו צוויי אין אַ ריי שפּאַנט מען אַהין־און־צוריק,
גייענדיק אויפגעקלערטע — פּעסט איז זייער בריק —

אויף אַ גלאַנציקן אָגער טראָגט זיך אַ פּאָליציאַנט,
ער באַפעלט: „ניט אָנשפּאַרן זיך אָן דער וואַנט!"

זינגט זי צום גלאַנציקן אָגער און זאָגט צום פּאָליציאַנט:
„דער באַלעבאָס איז ניט געבוירן פון אַ שטיינערנער וואַנט."

גיך־און־גיך יאָגט דער אָגער ווייטער אויפן אַספּאַלט,
קלעפּ פון שטאָלענע „פּאָדקאָוועס" אויף די אויערן פאַלט.

ווי קרעשטשענדאָ לבנות האָבן פּאָדקעוועס געבלענדט צום שמיד,
וואָס האָט ביים האַמערן זיי געזונגען אַ פרייהייטס־ליד — — —

דאָס געזאַנג האָט אָנגעיאָגט טאָם סאָיערן אויף מיסיסיפּי־טייך;
האָבן זיך צוויי כוחות פאַרמאָסטן גלייך־אויף־גלייך.

שפּאַנט סינדערעלאַ מיט מידן טראָט אויף שטאָטישן גראַניט,
זי הערט געזאַנגען פון דזשאָן בראַון, — און אין מוח בריט, —

געזאַנגען פון ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן און וואָלט וויטמאַן,
וואָס באַוויינט און באַזינגט דעם גרויסן קאַפּיטאַן.

מיט מידע טריט שפּאַנט זי אויפן אינדזל מאַנהעטן;
אַנטקעגן שווימען מעשיות: פון מאַרטירער און שטאָפּעטן,

וואָס זי האָט געלערנט אין די אָוונט־קלאַסן, —
וועגן פעלקער־ליבע און גלייכהייט פון די ראַסן.

גיך־און־גיך איז סינדערעלאָ אין שטאָט געלאָפן,
אין האַרצן אַ געזאַנג — אָן אייביקער האָפן — — —

# קוואַרטעט

אונטערן פרייען הימל האָט דער קוואַרטעט געשפּילט,
היימישע ניגונים האָבן בענקשאַפטן געשטילט.

אויף אירע צאַרטע סטרונעס די גיטאַרע האָט געכישופט,
דורכן מילכוועג האָבן מיליאַרדן שטערן זיך געשופּט — — —

דאָס אייביקע פידעלע געשפּילט האָט אַ כשר־טאַנץ,
„דאָס צעבראָכענע אין לעבן זאָל, גאָטעניו, ווערן גאַנץ".

אָט־אַזוי האָט מען דעם בדחן געטאָן דאָ הערן,
אונטערן פרייען הימל און ליכטער פון די שטערן.

מאַנדאָלינעס האָבן צעדריבלט די טענער,
ווי שטורעם־ווינטן צעפּלאָטערן די פענער;

אויפן ים פון לעבן בלאָנדזשעט יעדער ווי אַ שיף,
מען זוכט באַשייד — דעם פאַרהוילענעם מיף — — —

## חצות

אונטערן פרייען הימל
אין שעה פון מיטן־נאכט;
פולע לבנה אין דרימל,
און גאט אליין באוואכט, —

יעדן מיט זיינע זארגן
יעדן מיט זיין שטערן;
נעכטנס ליגן דערווארגן?
היינט זאל פרייד באשערן.

זינגט מען אלטע לידער,
טרייסט איז דא לרוב, —
קראפט אין מידע גלידער —
זאגט גאט אליין „כי טוב".

איינע זינגט: מיין לעבן
ט'זיך אויסגעלייגט טאנדעט,
שווער דאס ברויט געגעבן,
ס'מזל ט'מיך ניט געגלעט — — — — "

ניגונים גלעטן בלעטער,
ביימער אין תפילהדיקער רו;
אויף בערג אין שעה אין שפעטער
צו געזאנגען הערט זיך צו:

א הארעפאשנע עדה,
וואס באקליידט די וועלט,
דאס לעבן — חבלי לידה,
ער מארגן העלט און העלט.

עס בליען היינט די שטערן,
דער ווינט, א שיכורלעכער גייט.
יעדער בויער — גאטס קרן:
א רינג אין דער גאלדענער קייט.

# דער פעסט

אויפן פרץ סקווער
זיינען יידן אָנגעקומען,
אין לויטערן געהער
געזאַנגען דאָ פאַרנומען.

שווימט אַרוים דער מולד,
גאָטס הייליקער נאָגל, —
יעדער ייד איז אַ יורד
אונטערן צייכן פון וואָגל :

אָשר לעווי, קומט פון דער שיף
מיט אַ ספר תורה אויף די הענט ;
— פון זעכצן געראַטעוועט איין שיף,
זיינען מיר, בורא עולם, אויף דיינע הענט.

אליקום בדחן זינגט זיינע „ציאָנאַדן"
— גאָטעניו, דערהויב מיין געזאַנג —
כ'זאָל אין אָדעם, אין באַלאַדן,
שטאַרקן מיין פאָלק אין גאַנג. —

נויט געלעכערט האָט זיינע לונגען,
געטריי געדינט האָט ער מיט זיין ליד :
— אייביק האָט מיין פאָלק געזונגען, —
זינגט דעם יאָך „אין לאַנד פון פּיראַמידן."

געלעכצט נאָך ליכט, נאָך זון,
האָט דער „בלייכער אַפּרייטער",
געשפּאַנט צום אַרבעטער טריבון
אַן אויפגעקלערטער, אַ גרייטער ;

צום יום-טוב — צום ליכטיקן פעסט
זיינען פון אַלע שיכטן אָנגעקומען, —
געבענטשט האָט גאָט ביים פעסט
די עדהס וואָס האָבן געזאַנגען פאַרנומען :

פון יום-טוב — ערשטער מאַי,
פון „פיקעט ליין” אויף מאַנהעטן;
יעדן יום-טוב געהיט האָבן זיי געטריי,
די הונגעריקע, די ליכטיקע פּאָעטן.

„דער פייפער” זינגט זיין אָדע
צו זיין ליכטיק לעבן, צו זיין ליד;
אין פשטות לויכט זיין אָדע
צום בויער, וואָס איז מיד — — — —

— צום פעסט בין איך געקומען:
„אָ, גינגעלי, מיין אומרו דו —”
— ביים פעסט וויל איך היינט זינגען:
„אָ, גינגעלי, מיין אומרו דו — — —”.

דער כוהן גדול פון בית השירה
רופט יובלדיק אוים: במהרה!
„זיי וואַרטן אַלע האפערדיק-געשפּאַנט
צו אויפנעמען דעם חסד פון דיין האַנט”.

ביים פעסט, אויפן אינדזל מאַנהעטן
איז „די קרוינונג” פאַרגעקומען, —
די בענטשונג פון ליכטיקע פּאָעטן
האָט אַ תפילהדיקע עדה אויפגענומען.

דער מאַעסטראָ, מיטן לייבן-קאָפּ צום הימל,
אַ צייכן מיט דער האַנט — קומען אָן די כאָרן;
„מיר טראָגן אַ געזאַנג” דורך די וואָגל יאָרן,
אַ לויב דעם בורא עולם, אין ליכטיקן הימל.

דער מאַעסטראָ כישופט, און די כאָרן זינגען
צו יידן מארבע פינות העולם, — — —
זיינען יידן קרבנות, זיינען יידן אבלים —
כישופט דער מאַעסטראָ, און די כאָרן זינגען:

„טרייסט מיין פאָלק, עס דאַרף די טרייסט”.

# די גאָלדענע עלטער

## צום פרייען ברעג

### א

באַפּעלקערטע שיפן זיינען איבערן אַטלאַנטיק געשוואומען
די זייטן פון שיפן האָבן שוימיקע כוואַליעס געגלעט;
צום פרייען ברעג זיינען משפחות געקומען — — —
צו דער פרייהייט סטאַטוע זייער בליק אין געבעט.

מיטן שווייס פון פנים האָט מען ברויט געגעסן,
קינדער האָבן געלערנט די חוקים פון לאַנד, —
יעדער פאָלק האָט אייגענעם גלויבן ניט פאַרגעסן,
איבער אַלעמען האָט געוואַכט גאָטס רחמימדיקע האַנט.

## האַרט געווען איז דער באָדן

### ב

פרעמד און האַרט געווען איז דער באָדן.
מאַמע־לשון איז פאַרפלויגן פון מויל, —
בני־אָדם האָבן אין שווייס זיך געבאָדן,
„סוועט־שאָפּ" האָט געאָטעמט מיט אימה און גרויל.

פאַרטאָג, דורך נויט, געטריבן אין טעגלעכן יאָך,
מיטן גלויבן אין האַרצן, אין כוח פון וואָרט,
געגאַנגען איז מען צו דער עבודה וואָך־נאָך־וואָך.
מיטן איינציקן פאַרמעגן: דער כוח פון וואָרט — — —

## פֿאַרנאַכט אין שאָפּ

### ג

פֿאַרנאַכט שמעלצט די זון
לעצטן שטראַל פֿונם טאָג;
אויפֿן פֿענצטער פֿון שאָפּ
שפּינט געמיט — שווערע וואָג.

גרוילט אַריין סוף פֿון טאָג
מיט בין השמשות באַנאַנד, —
הערט מען מנחה דאַוונען
און אַלטן מאַן ביי דער וואַנט.

ר׳ מענדל הויבט זיך אויף,
מיט שפּעטן האַרבסט אויפֿן ברעם;
תּפֿילהדיק ער דאַוונט, —
גיסט אויס זיין צער, זיין קלעם.

זיין קול שלאָגט זיך אָן
אָן געררודעריי פֿון מאַשינען;
ר׳ מענדלס תּפֿילה יאָגט —
זיין אָרעם טאָג צו באַזינען — — — —

## בויער

### ד

מיט מידקייט אין גלידער פון נעכטן,
הייבט איר זיך אויף פון די בעטן,
אויף ברעם הענגט שלאָף ניט דערשלאָפן,
שטיקער-נאַכט צוקט געמיט אין פרימאָרגן — — —
אַ צער נעמט אַרום דאָס דינסטע פון האַרץ,
ווען טאָג איר פאַרטראָגט אין ווערקשטאַט, אין שאַפּ.
ווען טאָג איר פאַרטראָגט אין שאַכטע, אין מיל
פאַרשפּינט איר אַ ליד — דאָס איינציקע ציל:
איר בויער פון טעמפּל און מענטשן געצעלט,
רייכטום פון לאַנד, עשירות פון וועלט — — —
מיט מידקייט אין גלידער, מיט שטאַרן בליק,
פאָרן די בויער אַהיים אויף צוריק — — —

## היימלאָזער

### ה

געבויגן איבער מיסטקאַסטן
שטייט אַ מענטש און זוכט, —
צום שווייגן איז ער פאַרנייגט,
שילט ער נישט און פלוכט.

אויסגעגנאַגט ביזן ביין,
מיט קנאַכנדיקע הענט,
ראַיעט ער אין מיסטקאַסטן,
צום מיסטקאַסטן געווענדט.

צווישן הורבעס צייטונגען,
צווישן אָפּפאַל און פּאַפּיר
שטייט אַ מענטש אויסגעקרימט:
מעפיסטאָ אין זיין שפּיל — — —

## הונגער

### ו

אין די טעג, —
ווען הונגער האָט געוויזן
גלאַנציק־ווייסע ציין,
און דער מאַן מיט דער קאָסע
געטאָן האָט שמייכלען — — — —

אין יענע טעג, —
געשטאַנען איז שיינדל
אַ יונגע, אַ שלאַנקע.
איר מויל
צוויי רייען בלאנקענדיקע ציין,
מיטן כוח —
אויסצורייסן אַ ציגל פון אַ וואָלקנקראַצער,
און צעמאָלן אין אינגעווייד דעם הונגער־קנויל,
וואָס האָט געעגבערט איר פיבערדיקן מוח — — — —

## צום ערשטן מאַי

### ז

ווי מילגרוימען שיטן זיך מיידלעך אַרוים,
יונגען און טאַטעס אוןברידער — — —
צום אַרבעטער יום־טוב, שפּאַנען פאַראויס
בויער און שאַפער מיט לידער.

געשליידערט די אַרבעט,
די זאָרגן פון יאָר;
מיט זון אין די אויגן,
מיט ווינט אין די האָר,

מיט ליכטיקע געזיכטער
און מוטיקן טראַט, —
זיי שפּאַנען און שפּאַנען
אין נביאם געבאָט.

נאָך שטורמדיקן ווינטער,
נאָך פראָסטיקער קעלט —
גרינט ווידער דער פרילינג,
העלט ווידער און העלט — — —

## די אַלטע נייטערין האָדל

### ח

**דוד עדעלשטאַטן — וועמעס ליד**
**האָט געמוטיקט אין קאַמף פאַר**
**מער ליכט, מער זון — דאָס ליד**
**אַ ווידמונג.**

די אַלטע נייטערין האָדל
שפּאַנט אין אַ בלויען פאַרנאַכט;
אַנטקעגן בלאַנקען שער און נאָדל —
צוריק די יוגנט דערוואַכט:

אָט איז דער שאָפּ אין גערודער,
מען שטעפּט, מען נייט און מען פּרעסט;
דורך מי ז׳מען פאַרשוועסטערט, פאַרברודערט,
פאַראייניקט אין גרויסן פאַרמעסט.

אין „סוועט שאָפּ" זיצט האָדל געבויגן —
איר חלום פאַרנייט דורך די טעג;
נאָר ווער זאָגט „ס׳איז ניט געשטויגן?" —
מירן שפּאַנען אויף אַ ליכטיקן וועג!

„דער ווינטער איז אַ קאַלטער, אַ גרויער,
בייזער פראָסט דערדריקט ביזן ביין —
מירן פאַריאָגן די היענע וואָס לויערט
און שטערט אונדזער ווייטערן גיין."

און די אַלטע נייטערין האָדל
שפּאַנט צוריק אויפן ליכטיקן וועג;
אַנטקעגן לויכטן אויף שער און נאָדל
אין געזאַנג פון פאַרגאַנגענע טעג — — — —

## נאָכן טאַנץ

### ט

דער זאַל איז באַלויכטן,
עס שפּילט דער אָרקעסטער;
דורך נעכטנס באַהויכטע, —
טאַנצן ברידער און שוועסטער.

מיט בענקשאַפט אין הארצן
און מיט חכמה אין בליק,
בויער, זיי טאַנצן
אויף אַ ווינגדיקער בריק — — — —

איינע זעט זיך אַ כלה,
אויפן קאָפּ אַ גירלאַנדע,
„און גאָט וועט זיין ממלא" —
הערט זי שפּילן די קאָמאַנדע.

דאָס פידעלע פאַרגייט זיך,
דער באַס אין געבייזער,
די מומע האָדע פרייט זיך,
עס טאַנצט דער פעטער לייזער.

שלמהקע דער פרעסער
געדענקט נאָך קראַקאָוויאַק,
טאַנצט גראַד ווי אויף אַ מעסער,
אין טראַף און אויך צום טאַקט.

די קאַפּעליע שפּילט און שפּילט,
שוועבן סטעליע און די ווענט,
בענקשאַפטן ניט געשטילט, —
דאָס גורל אין גאָטס הענט.

דער זאַל איז באַלויכטן,
עס שפּילט דער אָרקעסטער;
דורך נעכטנס באַהויכטע, —
טאַנצן ברידער און שוועסטער.

## עפּילאָג

י

דאָס לעבן געווען איז הערלעך, —
דורך זאָרג, דורך לייד, דורך פּיין,
דאָס ברויט פאַרדינט כשר און ערלעך,
הייליק געווען איז אַ שותּף צו זיין:
צו בויען אויף ברידערלעכע יסודות
די יוניאָן, די היים: פאַר גאָטס עדהס.

# ר׳ בערטשע דערציילט

א געשטאַלט אין בוך — „אינדזלען
אויף דער ערד״ פון מ. שטריגלער.

— דאָס יידיש פאָלק הינטער געמויערטער וואַנט,
אונדזער וועלט געצונדן אין העלישע פלאַמען;
געזען האָב איך, זיך לעשן גאָטס לאַמען
אונטערן פייער־קנוט פון רוצחישער האַנט.

— דאָס טאָג־טעגלעכע געוואָרן איז מיין תפילה —
געטאָן האָב איך טואונגען פון בני־אָדם.
פאַרשעמטקייט, שמאַטעס — אונדזערע בגדים;
דורך תהומען איז אויפגעקומען אַ נייע מגילה.

און דער רבי ר׳ בערטשע האָט דערציילט:
— מן פון הימל האָבן מיר אַלע געגעסן
פון גאָטס הענט — די הייליקע געפעסן, —
זיין גנאָד האָט געשטאַרקט און געהיילט.

— העלף, בורא עולם, אויפן וועג צום אָרון קודש,
רחמימדיק אויפצונעמען פון דריטן חורבן די עדות — — — —

# די מאַלינע *)

מרים אולינאָווערן — געהייליקט

אין דער מאַלינע זיינען געזעסן
די באָבע האָדע
און דאָס אייניקל דאָדע.
טאַטע־מאַמע זיינען אַוועק
זוכן שפּייז צום עסן.
איז אַ קאַפּאָ אָנגעקומען אַנטקעגן,
און טאַטע־מאַמע זיינען אויף די וועגן
געבליבן שטיין, מיט פולע הויפנס שרעק — — —

דער טאַטע זיצט אין אַ ווינקל
און ער שווייגט,
די מאַמע, זי פאַרשרייבט.
פאַרשריבענע פאַפּירן באַהאַלט זי אין אַ פלאַש.
פון אירע אויגן אַ תפילה לויכט און פינקלט:
„רבונו של עולם, האר פון דער וועלט,
איך זע דיין פנים דורכן וואָלקן, וואָס פאַרשטעלט
און כ'זאָג: פון אונדזער קעסלגרוב וועט בלייבן אַש,

„טאָ זאָל דיין השגחה פאַרהיטן, וואָס איך פאַרשרייב: —
ס'פיבערט מיין מאַמע האָדע,
ס'פיבערט מיין זונעלע דאָדע.
אין מוח פון מיין מאַן לעשט זיך גאָטס ליכט —
בלוי ווי אַ מילץ, זיצט ער און ער שווייגט.
גערונצלטער פאַרמעט דאָס פנים פון מיין מאַמען;
איבער אונדז טראָגן זיך פייערדיקע ימען.
גאָט, וואו איז פון כסא הכבוד דיין געריכט?

*) מאַלינע — האָבן יידן גערופן אַ באַהעלטעניש.

„כדי צו משפטן די רוצחים,
וואָס שעכטן און שעכטן,
וואו איז דיין צייכן פאַרן גערעכטן?
דיין פאָלק וואָס האָט פאַרשניטן אַ בונד
און מיט דיר געפראַוועט עקדת יצחק,
ביים באַרג סיני פאַרנומען דאָס געבאָט פון מתן-תורה,
אין מדבר געהערט פון משהן שטראָף-רייד אָן מורא.
גאָט, הייב אויף דיין פייערדיקע ברעם,
ווען יסודות ברענען ביזן גרונט!"

און יענע מאַלינע איז אַוועק מיטן רויך — — —
די באָבע האָדע
און דאָס אייניקל דאָדע
זיינען אַוועק מיט די הייליקע זעקס מיליאָן.
זייערע קולות טראָגן זיך אונטער די הימלען-הויך,
און די גאולה, ביים הר ציון, היט דעם נר-תמיד,
פאַר דעם וואַנדער-פאָלק אויפגעשטעלט דעם עמוד — — —
און בויען, און מערן וועט זיך דאָס פאָלק, ווי דער שבט דן.

# צום פאָטער

„. . . נאָר איך בין ניט ווערט צו זיין דיין קבר.
וועל איך דיך אַוועקשענקען
דעם רופנדיקן שניי״.

— א. סוצקעווער

— זינט דו האָסט מיך אַוועקגעשענקט
דעם בלענדיק ווייסן שניי
ווייס איך ניט
צי בין איך דאָס קינד,
צי בין איך דער זקן.

האָב ניט קיין פאַראיבל, פאָטער,
וואָס כ׳האָב מיט זיך מיטגענומען:
דיין פרייד מיין קינדישן געלעכטער הערן,
דיין זאָרג צו זען מיך מאָזלען, פּאָקן.

האָב ניט קיין פאַראיבל, פאָטער,
וואָס כ׳האָב דיר איבערגעלאָזן מיינע טרערן — — — —

* * *

— דורכן אַש בין איך פאַראייניקט מיט דער מוטער,
איניינעם שטראָמען מיר
דורך די אָדערן פון דר׳ערד,
די ערד, געוווייקט אין בלוט און טרערן.

דורך די אָדערן פון דר׳ערד
טוען מיר דיינע טריט פאַרנעמען,
דיינע זיפצן הערן מיר דורך די זאַנגען
וואָס בליען אויף די פעלדער
מיטן בלוט און אַש פון הייליקע קהלות;
תפילהדיק סודען זיך די וועלדער:
„דער בורא עולם גליווערט
בלעטערנדיק די נייע מגילות״ — — —

* * *

זינט דו האָסט מיך אָוועקגעשענקט
דעם בלענדיק ווייסן שניי,
בין איך דער זקן
און כ׳בין דאָס קינד;
ס׳האָבן זיך מיר אויסגעשניטן
שטאַרקע ציינער צוויי
כדי אָפּבייסן דעם נאָפּל
פון צעפוילטער וועלט:
אָפּגיין זאָל דאָס טומאה-בלוט,
אָפּפאַלן זאָל עמלקס האַנט —
דורותדיקע רוט — — —

# געטאָלע

(פאָלקיש)

ווען די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט ווילנע זיינען פון די באַהעלטענישן גע־קומען יידן און צווישן אַ גרופּע קינדער איז געווען אַ מיידעלע, דאָס ערשטע קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין געטאָ, האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן — געטאָלע.
— פון די נייעס.

געבוירן ביסטו, געטאָלע,
געבוירן אין אַ צייט —
מיין חלום פון אַ בעטעלע
איז זייער, זייער ווייט.
גלעט איך דיך, מיין מיידעלע,
קוש איך דיך, מיין קינד;
ס׳וועט ברענגען דיר אַ קליידעלע
דער גוטער, גוטער ווינט.

געקומען ביסטו, מיידעלע,
געקומען אין אַ יאָר —
מיין חלום, טייער מיידעלע:
מיר פאַר דיין ליכטיקן דור.
גלעט איך דיינע פיסעלעך,
קוש דיך מיט מיין בליק;
ס׳וועט דיר ברענגען ניסעלעך
דער קלוגינקער וועווריק.

שלאָף־זשע איצט, מיין געטאָלע,
שלאָף־זשע איצט, מיין קינד —
ס׳וועט ברענגען דיר אַ בעטעלע
דער אָדלער דורכן ווינט!
דער אָדלער האָט צוויי ריזן־פליגל
און מאָטאָרן פיר —
ער׳ט צעברעכן נאַצי־רינגל,
דעם בלוטיקן וואַמפּיר.

גערקומען ביסטו, קינדעלע,
געקומען אין א צייט —
מיין חלום פון א ווינדעלע
איז זייער, זייער ווייט.
די צען געבאָט, מיידעלע,
וואַנדערן אָן אַ לאַנד;
די שווערד איז אויסן שיידעלע,
די שווערד — אין שעכטערס האַנט.

געבוירן ביסטו, געטאָלע,
געבוירן אין אַ יאָר —
דיין גורל, טייער געטאָלע,
פון העלדיש גרויסן דור:
ווערסט נאָך זיין, מיין מיידעלע,
דער עדות פון אַ צייט;
דערציילן וועסטו, מיידעלע —
דורך וואונדער זיין באַפרייט.

שלאָף־זשע איצט, מיין געטאָלע,
שלאָף־זשע איצט, מיין קינד —
ס'וועט ברענגען דיר אַ בעטעלע
דער אָדלער דורכן ווינט!
דער אָדלער האָט צוויי ריזן־פליגל
און מאָטאָרן פיר —
ער'ט צעברעכן נאַצי־ריגל,
דעם בלוטיקן וואַמפּיר.

# א תפילה

**די 93 מיידלעך**
**וואָס האָבן מקדש השם געווען**

— נאַכט, נידער אַראָפּ דיינע פליגל,
היל מיך איין, דעק מיך צו, —
ווי אַ מאַמע דאָס קינד אין וויגל,
גיב מיר כוח, גאָטעניו, גיב מיר רו.

כ׳בין דאָ מיט מיינע צוויי־און־צוואַנציק ל״ג־בעומרס
פאַר דיר גאָט — אַן אָפענע וואונד.
פון דיינע חוקים אַ פאַרכטיקער שומר,
איצט וואַרט אויף מיר אַ תהומיקער גרונט.

כ׳בין די עלטסטע פון דריי־און־ניינציק טעכטער,
דאָ, אין מקדש פון בנות יעקב־שטוב;
גאָט, זיי אונדזער היטער, אונדזער וועכטער;
צניעותדיק זאָלן אונדזערע לייבער אַנקומען אין גרוב. —

— מוטער שרה, דו האָסט געליכטיקט אונדזערע טעג:
צו גאָט, ברוך הוא, געטאָן האָבן מיר תפילה,
שטאַרק אונדז, פאַרכטיקע מוטער, אין לעצטן וועג —
אין שעה פון רייניקונג, אין שעה פון טבילה.

— טאָכטער, נידער אַראָפּ דיינע ברעמען,
דער בורא עולם וועט שענקען רחמימדיקע רו.
די אמהות האָבן דיין געבעט געטאָן פאַרנעמען
און מיר גרייטן אייערע חופּות צו:

די זיבן הימלען געטאָן האָבן מיר שפּאַלטן,
אַלע אייביקייטן וועלן אייך מקדש זיין,
מזרח, מערב, צפון און דרום וועלן די שטאַנגען האַלטן,
גאָט אַליין וועט טרינקען דעם ביטערן כוס מיט וויין — — —

## אין די טעג

אין די טעג פון אונדזער דריטן חורבן
פלעדערמייז האָבן פינצטערע פליגל געשפּרייט;
איבער די קעפּ פון בני־אָדם טויט און בליי געזייט, —
דיין אויסדערוויילט פאָלק געוועז איז ערשטער קרבן.
וואו זיינען געווען דיינע מלאכים, אָ גאָט,
ווען חורבן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער וועלט?
דער וואָלקנזייל האָט אויך ניט פאַרשטעלט
די מחנות פון דיין פאָלק ישראל, אָ גאָט!

זיי זיינען געווען געגליכן צו שאָף און רינדער,
אויף די וועגן פון טרעבלינקע און מאַידאַנעק.
דריי דורות געיאָגט האָט מען אין גרויל און שרעק:
זיידעס, טאַטע־מאַמעס און זייערע קינדער.
אור־אור־אייניקלעך — דורותדיקע קהילות
וועלן תמיד געדענקען די בלוטיקע מגילות — — —

## אַ געבעט

בת טובים, בת טובים,
נעם אַוועק די טונקעלע טיכער
פון מיינע אויגן — — —
דאָס שוואַרצע, דאָס גרויליקע,
וואָס ציט זיך דורך דורות,
וואָס האָבן די וואַנדערער
געיאָגט און געטריבן, —
זייערע רוקנס געבויגן
אין גאַנג פון חרובע טעג.
בת טובים, בת טובים,
נעם אַוועק די טונקעלע טיכער
פון מיינע מידע אויגן. — — —

# צום תענית

אין די טעג פון אונדזער
דריטן חורבן — 1943

## א

גאָט, וואו נעמט מען כוח אַוועקצוגיין אין וואַלד
און אויסוואָרצלען די בוימער מיט די שטאַמען?
מיט די בוימער־קרוינען פון דיין וואַלד
פאַרווישן — דעם שפור פון וועלט אויסראַמען
און אָפּקילן מיין פּנים אין פאַרוואונדיקט ערד.
כ׳וויל מער ניט קלאַפּן אין טויבע ווענט!
דאָס בלוט פון מיין פאָלק זאָל היינט ווערן דערהערט,
דערנאָך זאָל מען וועגן, מעסטן פונקטן אין דזשענטל־הענט.

## ב

מער ווי איין תענית האָב איך פאַרזוכט אין טעם
און ווי דער לייב אין יענער וואונדער־מעשה
אראָפּגעלעקט דעם ווייטאָג פון מיין ליב. —
געחלומט ס׳וועט אויפגיין איבער וועלט די גוטסקייט פונם לאָם,
האָט די פלעדער־מויז צעפליקט די זילבער־וואָלקן און די ווייסע.
האָב איך היינט, מיטן ערשטן שטערן, מיין ציטער אייך געשיקט,
האָט דורכן פּענעץ ברויט אַ טרער געגליווערט —
געקנוילט אין מיין דינעם האַלדז — מיין חלום ניט דערשטיקט.

# דאַניעלאַ

העלדין פון ווערק: „דאָס הויז פון די ליאַלקעס"

דער לעצטער גאַנג האָט געשלאָגן,
גרויל האָט געשפּאָלטן דעם טאָג;
פלעדערמייז האָבן זיך אַריינגעטראָגן
מיט ווילדן, מיט פרעכן געיאָג.

פייגל זיינען צעשראָקענע געזעסן — — —
אייגענע פעדערן האָבן דאָס לייב געבריט;
פרעכער אָטעם געסמט האָט געפּעסן
פון פייגל אין צוואַנגען געשמידט — — —

דער גאַנג האָט ווידער געשלאָגן,
דעם הימל געשפּאָלטן אויף צוויי;
וואָלקנס האָבן שלייערן אָנגעטראָגן
און דאַניעלאַן פאַרוויקלט אין זיי.

זי איז פאַרן כסא הכבוד געבליבן שטיין,
מיט אירע טאָג-ביכער אונטערן אָרעם,
הינטער איר בליק — אַ ים מיט געוויין:
אַן אָבל, אַן אַ בית-עולם, אַן קברים — — —

***

— איך, דאַניעלאַ, אַ טאָכטער פון דיין אויסדערוויילט-פאָלק,
איך קום פון קעסלגרוב, איך קום צו דערציילן:
אין מיין הארץ טראָג איך טויזנט פּיינען פון מיין פאָלק;
מיט וואָס, אָ, גאָט ברוך הוא, וועסטו זיי היילן?

# לזכרון

געוואָלט האָב איך פּאָרווישן פון זכרון
די ציילונג פון בלעטלעך אין וועלטלעכן קאַלענדאַר;
כ'בין געזעסן מיט אַ טאָכטער, געלייטערטע דורך צער,
האָט זי פאַר מיר אַנטפּלעקט אַ הייליקן אָרון:

— ס'איז געווען אין יענע טעג פון אונזער גרויסן חורבן,
דעם צווייטן מערץ, געציילט האָט וועלטלעכער קאַלענדאַר;
מיין טאַטע־מאַמע האָבן די רוצחים אויסגעשטעלט צו גזר
פון זעקס מיליאָן קדושים, אין אונזער דריטן חורבן —

געגליט האָבן אירע אויגן מיט אַ הייליקן פייער,
באַקריינט דאָס פּנים האָט איר הויכער, קלוגער שטערן,
פּאַרטיזאַנישע גבורה האָט פּאַרהאַלטן אירע טרערן.

זיבן מנורות האָבן געלויכטן מיטן חשמונאים פייער:
דורך די חרובע טעג, ביז די בלוטיקע גבולות, —
די השגחה האָט געוואַכט ביז אין טאָג פון דער גאולה.

## צו חנה סענעש

זיינען געפלויגן און געפלויגן מעוועס ווייסע,
אומרו פון דער וועלט דיר געבראכט —
ביסטו ארוים פון דיין קרייז ווי פון א כישוף-מעשה
און צום חלום פון דיין פאלק דערוואכט.

צום בארג פון האפנונג דיין יונג-לעבן געבראכט,
זיך ארויסגעוויקלט פון דיינע שלייערן-זיבן:
איבער עבודה האסטו שהחיינו געמאכט,
מיטן רידל אין האנט אין קבוצה זיך פארשריבן.

האבן אקעראייזן געפאסעוועט דאס מדבר-פעלד,
געקוואלן האט די ערד מיט ישעיהס ברכה:
אין שורות בייטן — אויסגעלייגט דאס פעלד,
נאכגיביק און ווייך — אין פריידיקער הבטחה.

שאקאלן האבן צעריסן די שטילקייט פון נאכט:
איין גלוטיקער שייטער — די וועלט איז אין פלאמען,
האסטו צום חורבן פון דיין פאלק דערוואכט —
דיין מארטירער-גבורה ניט געקאנט מער צאמען.

⁂

זיינען געפלויגן און געפלויגן מעוועס ווייסע —
און געקרייזלט איבערן אדלער, געפאלענער טויט,
אייביק, — דערציילן וועט מען די מעשה:
אין מארטירער-קאמף איז חנה געפאלן טויט — — — —

## פּאַרטיזאַניש ליד

מיר האָבן די ערד געשפּאָלטן
די זאַנגען און ווייצן פאַרברענט ;
מיר האָבן די דאַמבעס צעלאָזן,
די תבואות פונם שונא פאַרלענדט.

מיר האָבן פאַרברענט און צעגאָסן
אין נאָמען פון מענטשן פריד — — — —
קרבנות אויפן מזבח געלאָזן,
ס'זאָל אויפגיין אין שלום דאָס ליד.

מיר האָבן דעם שונא פאַרטריבן,
ווי פוקסן געשפּירט זיינע טריט — — — —
מיט בלוט די מגילה פאַרשריבן,
מיין פּאַרטיזאַנישע שבועה איך היט.

## אַ פּאַרטיזאַנקע דערציילט

אין יענע טעג, אין יענע נעכט, —
ווען די געטאָ ז'געשטאַנען אין פלאַמען,
בין איך געווען אונטערן ברענענדיקן הימל
און געזען ווי פייער־צונגען לעשן אוים גאָטס לאַמען.

# מרים

נישט די פויק, דעם סצעפטער
נעם איצט אין דיין האַנט, —
רוף צוניף דיינע באַרעם־שוועסטער
און גיי מיט זיי פון לאַנד צו לאַנד.

שרה וועט טרייסטן פאַרוואָגלטע און היילן
מיט באַלזאַם קושן זייער וואונד;
צווישן געיאָגטע רחמים וועט זי טיילן,
שטאַרקער אָנקניפּן מיט זיי דעם בונד.

רבקה וועט קלאָגן מיט די פּליטים:
„צוויי אומות געבאָרן האָט מיין אינגעווייד;
וואָגלט אום יעקב׳ס שטאַם איבער שבעה ימים,
דורך מיין געביין האָבן פעלקער זיך צעשיידט.״

לאה וועט נעענען צו די אין פיין אין שרעק,
מיט ציטער אין אירע וואַכע הענט — — —
אָפּהיטן זייערע מידע טריט אויף יעדן וועג
און אָפּווישן דעם שטויב פון גאָרער וועלט — — —

און רחל וועט לויטערן מיט אירע טרערן — — —
איבער פאַרצאָגטע קינדער פון יעקב׳ס זאָמען:
הענט אירע צום הימל — געצונדענע מנורה־רערן —
און לייכטן זיי דעם וועג דורך בלוט־מבול און תהום׳ען.

# נאַכט אין קראָטאָנאַ פּאַרק

חלומט דער פּאַרק פון קינדערשע טריט,
געלעכטער און שפּיל פאַרהוילן, פאַרשמידט,
און לבֿנה שפּרייט ליכטיקן צווייט.

חלומט דער פּאַרק פון פרייד, פון גליק:
דאָס וועוויריקל קומט מיט חכמה אין בליק,
דאָס קינד גיט אַ ניסל, איילט וועוויריק צוריק

צו באַהאַלטן די גאָב פונם מענטשן־קינד;
טאָמער שטורעם ברעכט אויס, טאָמער בייזער ווינט,
ווערט מען שיצן די האַנט פונם מענטשן־קינד.

קערן פעלדזן זיך איבער — ליכטיקע טעלער,
ברענגט נאַכט פולע קרוגן פון קעלער
און לבֿנה טריפט מיט ליכט מיט העלער.

וואַכט דער פּאַרק איבער קינדערשע טריט, —
זיי קומען פון ווייט פאַרהונגערט און מיד,
און לבֿנה שפּרייט ליכטיקן צווייט.

פירט ביילע די הייכע[1]) רייטוועגענער זיבן:
קינדער אין פּריפּעט[2]) זי האָט אויפגעקליבן,
די רייטוועגענער ווערן פון ווינטן געטריבן,

אַהער — צו די ליכטיקע טעלער מיט זעט;
נאַכט שטייט געבויגן אין טיפן געבעט,
קאָרמעט ביילע די הייכע קינדער צו־זעט.

און קינדערלעך שלינגען גוטסקייט מיט טרערן,
לויכט דער פּאַרק מיט ליכטער פון שטערן,
זינגט ביילע די הייכע און וועלט טוט הערן:

— אָן גוטסקייט קאָן די וועלט ניט גערייען,
וועט גאָט ברוך־הוא דעם מענטשן דערפרייען.

— שלאָפט קינדערלעך, שלאָפט איין,
דער מאָרגן וועט אַ ליכטיקער זיין: —

— וועלן שיפן שווימען אויף טייכן, אויף ימען
און ברענגען צו אייך דעם טאַטן און מאַמען,

— דער שמיד וועט שמידן, דער שניידער וועט נייען,
דאָס פעלד וועט מען אַקערן, קאָרן פאַרזייען.

— די זון וועט קושן די שפּיצן פון זאַנגען,
פויערן וועלן אַרבעטן מיט פרייד, מיט געזאַנגען.

— די מיל וועט צעמאָלן דאָס גרויל פון דער וועלט,
איך זע שוין דעם טאָג, ער ליכטיקט, ער העלט.

— שלאָפט קינדערלעך, שלאָפט איין,
דער מאָרגן וועט אַ ליכטיקער זיין — — — —

[1])ביילע די הייכע איז געווען די לעגענדאַרע הייבאַם פון דעם שטעטל פעטריקאָוו. זי האָט געלעבט ביז 100 יאָר און איז געווען באַרימט מיט איר זעלטענער גוטסקייט. אַלע האָבן זי גערופן „די באָבע ביילע" — זי איז געווען אַלעמענס באָבע.

[2]) ווען די נאַצי האָרדעס זיינען אַריין אין פעטריקאָוו (מינסקער גובערניע) האָבן זיי אויסגעקוילעט אַלע אידישע איינוואוינער. די קינדער האָבן זיי לעבעדיקערהייט אַריינגעוואָרפן אין טייך פּריפּעט. (פון די כראָניקעס)

# ר׳ נחמן טענהט

## א

ר׳ נחמן דער רב איז צום פריפעט געגאנגען,
אויף קבר-ילדים [1]) יעדן טאָג, יעדן טאָג,
מיט אַ תפילה אין הארצן און אַ טענה: „אַ זאָג,
בורא עולם, פאַרוואָס האָסטו אויסגעלאָשן געזאנגען;
פאַרוואָס האָבן די הימלען ניט געשטורעמט,
פאַרוואָס האָט זיך די ערד ניט געשפּאָלטן,
ווען רוצחים האָבן יידן געפּלינדערט, געשאָלטן,
קינדערלעך אויף וועגענער אין בערג געטורעמט?

„פאַרוואָס רודערן די פעלקער און רודפן יעקבס שטאַם?
דורך די דורות ציט זיך אַ פייערדיקער ים — — — ״
נאָך שחרית טוט ר׳ נחמן אָן זיין יום-טובדיקן טראַכט,
צום פריפעט ברענגט ער אַ ליכטיק-בלאָע תפילה —
טויכן קינדערלעך אַרויס פון כוואַליעס שטילע
און פלאַטערן ביז שטערן צינדן דעם פאַרנאַכט — — —

## ב

ר׳ נחמן דער רבֿ איז פֿון פּריפּעט געגאַנגען,
זיין שניי־ווייסער קאָפּ געבויגן, אָן אַ וואָרט, אָן אַ טרער;
די גבאים ביים זייט זיינען געווען לויטער געהער, —
די זון איז אַ בלוטיק־רויטע דאָן פאַרגאַנגען.
די בתי־מדרשים האָט מען אין טאַנץ־זאַלן פאַרוואַנדלט,
העפען דאָרטן איוואַנעס מיט זייערע פאַרשייטע מאַטראָנעס;
גאַנץ זיינען געבליבן די קלויסטערס מיט זייערע מאַדאָנעס, —
ליידיק איז דער מאַרק, וואו יידן כשרע האָבן געהאַנדלט.

אין שעה פֿון חצות טענהט ר׳ נחמן „צוויי מאָל חורבן און אַ דריטער
האָבן מיין טרער פאַרגליווערט, נאָר אין האַרץ בריט אַ ציטער:
דער בלויער פּריפּעט שימערט מיט קינדערישן שטיפן,
אין שטראַלן גילדענע הילכן זייערע געלעכטער — — —
בורא עולם, וואו זיינען געווען דיינע היטער, דיינע וועכטער?
דורך מיינע רמח־אברים הער איך פּיינען טריפן — — —

---

[1]) אין פּעטריקאָוו, מינסקער גוב. האָבן די נאַצי האָרדעס יידישע קינדערלעך, וועגענער גאַנצע, לעבעדיקערהייט געוואָרפן אין טייך פּריפּעט.

# אַ מידער וואָגלער

ערגעץ טרויערט אַ וואָגלער, —
ער זיצט אויף אַ באַרג און טוט הערן:
דעם אומעט אין גאַנג פון די שטערן.

פון יאַריד איז געקומען דער וואָגלער,
צו רוען דאָ, אויפן באַרג אַליין;
צו דערגיין סוד פון לעבן — גאָטס מיין.

פון וועג האָט געבראַכט דער וואָגלער
אַ האַרץ, אַ פולע: זאָרג און געוויין, —
בלייבט זיין האַנט, וואָס איז דין און קליין;

ערגעץ טרויערט אַ וואָגלער — — —

## חוה דערציילט

— פון אָדמס ריפּ האָט מען מיך באַשאַפן,
גאָט אַליין האָט מיך אַפיר געברענגט;
דורך דורות טוט די וועלט נאָך גאַפן,
אָדם האָט אין ליבשאַפט מיך דערקענט.

— געוויינט האָט אָדם ביים ערשטן זון פאַרגיין,
נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט — אַ שוואַרצע וואַנט;
האָב איך אָדמען געטרייסט „אַ נייע זון וועט אויפגיין,
לויכטן וועט די וועלט מיטן חסד פון גאָטס האַנט".

— צוויי זין האָט מיין ליב געטאָן געבערן,
קין און הבל געווען זיינען זייערע נעמען;
אַ פלאַנצער געווען איז קין, די בעלי־חי צו־נערן,
צו פיטערן שאָף הבל האָט זיך גענומען. —



זינט ברודער־קין געווען איז דער באַצווינגער,
איז הבל געבליבן ליגן אויף דער בלוטיקער ערד;
דער וועג צו ברידערלעכקייט איז ניט קיין גרינגער:
מיט דערנער פאַרזייט איז יעטווידער שפּאַן ערד — — — —

# אַ מעשה

געבלעטערט האָט אַ מילדער ווינט געשיכטע פון די צייטן:
אין באַגינען האָט זיך די מאַסע שווער געטאָן באַוועגן,
דורך טעותן געטאָן האָט זיך פרימאָרגן בייטן, —
אין עשירות האָט רייפער טאָג זיך אָנגעהויבן וועקן.

איז דער באַקרוינטער נפש — די הידראַ אויפגעקומען,
האָבן גאָטס מינים זיך געווידמעט און געמערט;
פון די ווילדערנישן איז דער האָרן-אַקס אַרויסגעקומען
און געטאַפטשעט אויף גאָטס-גיטער און געשטערט — — — —

אין גאָטס געשטאַלט דער מענטש האָט זיך באַוויזן,
דער וועג פאַר אים געלעגן איז אַן אָפענער, אַ שווערער;
בחוש האָט ער פון וואונדער זיך געטאָן דערוויסן;
פון אומעטום אַ געזאַנג האָט מענטש דערהערט — — — —

נאָר, געבלעטערט האָבן שטורעם-ווינטן קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל:
פייער-בליצן געקרייצט האָבן הימל און די ערד,
דונערן האָבן געקנאַלט און געלאַכט מיט ביטול — — — —
אין כוח פון די עלעמענטן מענטש האָט וואונדער דערהערט.

אין פאַרגאַפונג איז אָדם אַ פאַרחושטער געבליבן שטיין:
גאָטס האַנט האָט תהומען אויסגעגליכן און פאַרווישט.
חוה האָט דאָס געצעלט באַמאָלן ליכטיק און שיין,
האָט אָדם געשיכטע געבלעטערט, געלערנט און געמישט.

אויפן האָריזאָנט אַ ליכטיקע עדה ט'אויפגעטויכט:
דורך ימים און מדבריות איז זי אויפגעקומען,
דורך נעפל און דורך חכמה ט'זי אַרויסגעטויכט, —
און ווילד-פאַרגרייזטע קאַפּיטלען אויפגענומען — — — —

אָדם רעדט דורך אַלע פיר ווינקלען אויף גאָטס ערד,
אין בענקשאַפט בענטשט משה דעם וועג צום כנען-טויער;
איינשטיין לויכט דורך די געזאַנגען וואָס ער הערט:—
„אין ניי-באַגינען וועט דער אַטאָם זיין געצייג פאַר בויער — —"

## עס איז דאָ אַזאַ כוח

דער טאָג האָט געטריפט
מיט גאָלד און מיט ליכט;
מיר איז אַנטקעגן געקומען
אַ בלינדער מיט אַ קלוגן געזיכט.

איך האָב אים פאַר אַ האַנט אָנגענומען
און געפירט אויפן צווייטן זייט ברעג;
ביז מיר זיינען אַהין אָנגעקומען,
האָב איך פאַרנומען זיין וועג.

איך בין דער בלינדער מיטן קלוגן געזיכט —
ער פירט מיך, אויפן צווייטן זייט ברעג.
דער טאָג הילט אים איין אין סוף-זומער ליכט,
ער דערציילט און דערציילט פון גילדענע טעג:

— עס איז דאָ אַזאַ כוח, עס איז דאָ אַזאַ וואָרט,
וואָס גלעט אוים און פאַרהיילט אַ וואונדיקן אָרט. —

איך קלאַמער מיך איין, אין זיין וואָרט, אין זיין קול,
ער פירט מיך און פירט אויפן צווייטן זייט ברעג.
מ'דאַרף גייען צום באַרג, דערביי איז אַ טאָל —
צו היילונג און טרייסט איז ווייטלעך דער וועג,

איך נייג-צו מיין אויער, איך פאַרבייס אַ ליפּ,
מיר גייען צום באַרג, פאַרביי שוין דעם טאָל;
מיט גוטסקייט און טרייסט דערשלינג איך אַ כליפּ,
דעם בורא איך דאַנק פאַרן פירנדיקן קול.

מיט אַ פינגער כ'ריר אָן די האַנט פון גנאָד,
אין תענוג דאָס האַרץ אַ דערוואַרעמטע — קוועלט.
פאַר דער גוטסקייט און טרייסט כ'דאַנק דעם באַשעפער-גאָט,
און ס'גייט אויף אין געביין דאָס ליכט פון דער וועלט:

עס איז דאָ אַזאַ כוח, עס איז דאָ אַזאַ וואָרט,
וואָס גלעט אוים און פאַרהיילט אַ וואונדיקן אָרט — — — —

# אין אַ פאַרנאַכט

אַ ראָזעווער וואָלקן איבערן הימל,
אַ לאַנגער, אַ שמאָלער —
אַ הימלישע זעג,
ציינער שאַרף-פאַרשפּיצטע
צעזעגן דעם דיכטערס אַ טרער — — — —

דורך טרערן, — זינט אָדם הראשון,
שרייבט דער דיכטער וועגן דער זון;
ער פאַרצייכנט פון אַ זעג די מעשה,
ער פאַרצייכנט וואָס בן אָדם דערציילט:

„פּראָמעטעי האָט דעם הימל באַגנבעט,
פּראָמעטעי האָט פייער געבראַכט,
האָט בן אָדם געצייגן געפורעמט,
האָט בן אָדם דעם האַמער געמאַכט.
און דער שמיד
האָט אויפן גלאַנציקן אַמבעם
העק און מעסערס געשמידט.
און די יורשים
פון פּראָמעטעי דעם גנב
האָבן געזונגען אַ וואוילעריש ליד:

— הערשן, וועלן מיר הערשן.
איבער וואַלד, איבער פעלד,
יעדער פון אונדז וועט הערשן,
יעדער פון אונדז איז אַ העלד!
מיר וועלן צעפליקן לופטיקע הימלען,
מיר וועלן פאַרלעשן טרוימער וואָס דרימלען,
מיר וועלן, מיר וועלן, מיר וועלן. —

פייער אָן חלום
צעשטערט וועלדער פאַרצווייגטע,
פייער אָן חלום
פאַרטונקלט, לעשט אוים:
טראָגט זיך אין רוים
אַ זאַטער דער רויב־פויגל, —
אַ פאַרפייניקטער ליגט פּראָמעטעי.

שפּריי־רעגנס וואַשן די וועגן, —
אַ נייער טאָג גייט אויף:
אַ פאָלק וואָס חלומט
אויף האַרטע שטיינער,
אַ פאָלק וואָס חלומט
דורך פייער, דורך אַש,
קאָן פירן די וועלט
צום עמוד מיט ברכות,
קאָן פירן די וועלט
צום טויער פון חלב ודבש.

## זון פאַרגאַנג

איך וויל אָנשרייבן אַ ליד,
אין איינפאַך פּראָסטן פערז.
מאָלן אַ פאַרנאַכטיקן געמיט,
דאָס אויסגיין פון אַ טאָג אין פעלד.



## דערציייל דו קלוגער וואָגלער

פאַרקליבן האָט זיך די זון
אונטער אַ וואָלקן שוואַרץ ווי טינט,
ווי אין פאַבל די גילדערנע הון
האָבן פעדערן געשויבערט אין ווינט.

האָב איך אין שענק זיך פאַרקליבן —
צווישן טאָוולען געטרונקען לויטערן וויין;
גלויבן, חלום, פאַרקריצט-פאַרשריבן —
כ'האָב פאַרשיכורט מיין ווייטאָק, מיין פיין.

האָבן בלעטער צווישן פינגער געפלאַטערט,
ווי פייגל אין פאַרנאַכטיקן קרייז;
טאָג איז ביים שוועל געלעגן פאַרמאַטערט,
ווי נאָכן וואָגל דער מידער גרייז.

דערציייל מיר דו קלוגער וואָגלער
פון דער חכמה אויף דיין לעבנס-וועג,
האָסטו באַגעגנט איינעם מיט פולע לאָגלען
פרייד, אין גאַנג פון דיינע טעג?

# געזאַנגען צו ישראל

## די צענטע טויב

די טויב איז פון דער תבה אַרויסגעפלויגן,
גאַנץ וועלט איז נאָך געווען מיט בענקשאַפטן פול;
ניט געזוכט האָט זי אַן אָפּשטעל, אַ גבול, —
געשפּרייט האָבן פריד און רו אירע טויבן-אויגן.

שיפן זיינען דורך דורות געשוואומען,
פון דער תבה ביזן שפּאַלטן פון ים, —
משה האָט צו די יידן געטאָן זאָגן: „גם וגם
באַפרייטע, וועט איר אין צוגעזאָגטן לאַנד קומען."

שאַקאַלן, עקדעשן האָבן זיך געווידמעט, געמערט,
שווער געווען איז אָפּהיטן די רו און פריד;
די צענטע טויב וועט ברענגען דאָס שלום-ליד, —
און לערנען וועט די וועלט און בויען אומגעשטערט.

שטראַלן פון דער זון און טוי פון גאַנץ פלאַנצן,
מיט ברכות, מיט געזאַנג וועלן פעלקער אין יובל טאַנצן.

## דער ווייסער רייטער

עס איז שוין נאָך האַלבער נאַכט,
פאַרהוילן איז דער הימל אין חושך;
זין היטן די לאַנד-גרעניצן פון תנ"ך,
דער בורא עולם איבער זיי ער וואַכט.
טויזנטער יאָרן זינט דאָס פאָלק ציט אַהיים,
פון אַלע גלותן טראָגט יעקב בראַנדיקע וואונדן,
נאָר דאָס אייביקע ליכט אין האַרצן געצונדן,
כאָטש אין קנעכטשאַפט געטאָן קנעטן ציגל און ליים.

איצט בויט יעקב זיין געצעלט — ביזן דאַך:
שטייען עשו'ס קינדער מיט שנאהדיקע אויגן —
— עשו'ס שטאַם! לערן דאָס געבאָט: „לא תרצח",
לאָמיר אויף דאָס ניי אַרויסהענגען דעם רעגנבויגן!
אויפן האָריזאָנט האָט זיך באַוויזן דער ווייסער רייטער:
— עשו, עשו, גענוג קרבנות געברענט אויפן וועלט-שייטער!

# דעם סטאָליערס טאָכטער

**פאַר — גאָלדע מאיר**

איז געקומען אַ טאָכטער פון מילוואָקי
אין היימלאַנד,
מיטן עול פון וואַנדערוועגן.

מיטן בליק האָט זי געגלעט
יעדן טאָל און יעדן היגל,
זיינען איר אַנטקעגנגעקומען:
רבקה מיטן וואַסער־קריגל,
דורשטיקע קעמל אָנצוטרינקען — — —
די פייקלערין, מרים הנביאה
פון נסים האָט דערציילט,
און די זינגערין דבורה
האָט געכישופט מיט איר ליד.

פול ווי אַ לאָגל,
מיט נסים און געזאַנגען,
איז די טאָכטער פון מילוואָקי
אין קיבוץ געגאַנגען.
שטיינער געהאַקט,
מאַלאַריע־זומפּן געטריקנט;
ביימער געפלאַנצט
אויף נאַקעטע בערג.

פאַר אירע אויגן
האָט זיך צעפלאַפלט דער ירקון;
מיט קרישטאָלענע וואַסערן
געזונגען האָט די זון:
ווייטער נגב נאָענט איז געוואָרן,
זיינען סאַברעס אַהין געפאָרן
דעם נגב צו דערקוויקן — — —

און דער נשיא המדינה
האָט דורך מנורה־רערן
די קוואַלן געצונדן, —
און, גאָט לכבוד,
האָט דאָס פאָלק ישראל געזונגען
אַ מזמור פון דוד.
און די זיבן מנורה־רערן: גאָטס אויגן
וועלן מער ניט וואָגלען,
וועלן מער ניט וואַנדערן — — — —

## צו די וואַסערקוואַלן

געזאַנגמייסטער,
נעם אַראָפּ דיין כישוף־פידל
פון דער ווערבע, —
שפיל אויף אַ מזמור
צום מלך מלכי המלכים,
וואָס האָט דערפרייט דאָס פאָלק ישראל.

דער פעלדז איז נאָכגיביק געווען,
דער פעלדז צעעפנט האָט די קוואַלן,
און דערקוויקט די בני ישראל.
האָבן זיי געזונגען שבחים
צום מלך מלכי המלכים,
וואָס האָט דערפרייט דאָס פאָלק ישראל.

## געזאַנג פון שניטער

די וויסטעס פּאַרזייטע,
דער נגב צעבליטער;
זיי קומען דערפרייטע,
די ליכטיקע שניטער.

זיי שניידן די זאַנגען,
ווייצן און קאָרן, —
יובל געזאַנגען
אין שאַלן פון האָרן.

די סנאָפּעס זיי בינדן
צום חג העומר;
גאָטס זונען זיך צינדן
צום נייעם ויאמר — — — —

סאַברעס זיי זינגען,
די עולים אַנטקעגן;
ס'פלעכטן זיך רינגען
און שמידן די וועגן.

זיי קומען די שניטער,
מיט קוישן און גאַרבן;
פון באָדן די היטער
לדורות צו אַרבן — — —

## איר געזאַנג

— דערפרישט האָב איך די ליפּן אין דיין טוי,
מיינע וואונדן הייל איך אין ליכטיקן כנרת-בלוי.
יעדער זעמדל דערציילט פון אַנקומענדיקע טריט:
לויפערס טראָגן זיך אויף רוקנס פון די בערג,
געצונדענע פלאַקערס — לויכטן אויף גאַטס ווערק —
אין פלאַטער פון פליגל שוועבט דאָס שלום-ליד.

— איבער שבעה ימים, דורך די וואַנדער-וועגן,
די עולים זיי קומען צו ישראלס ברעגן,
קושן זיי דעם באָדן דורך פאַרטרערטן ברעם;
ליים זיי קנעטן, דרייען שרויפן, ציגל מען ברענט,
פונדאַמענטן לייגן זיי מיט אָדערדיקע הענט, —
און צום בורא עולם זינגען זיי „ברוך השם — — — — ״

## דער נייער טורעם

ס'איז ניט פון גלאָק דאָס צינגל,
וואָס וועקט און רופט דעם קלאַנג, —
עס איז די האַנט וואָס ציט דאָס שטריקל
און באַפרייט פון גלאָק דעם דראַנג.

ס'איז ניט דאָס גאָלד און זילבער,
וואָס לויכטן דורך די מינעס, —
עס איז די האַנט וואָס גראָבט אַרויס
די אוצרות, די עשירות.

ס'איז ניט דער הייכער טורעם,
וואָס שטרעקט זיין האַלדז אין חלל,
עס איז דאָס זעמדל, וואַפּנע, מירמל,
וואָס טוען פון גאַנצקייט חלומען — — — —

## ר ו י ז ן

רויזן האָבן מײַנע פינגער צאַרט געגלעט
כ׳בין געשטאַנען אין אַ תּפילהדיק געבעט:

געבענטשט די הענט וואָס האָבן פרייד פאַרזייט,
געאָטעמט מיט דער שפע פונם בלומען-בייט.

דורך דער נאַכט געשפּירט דעם אַראָמאַט,
שיכור האָט עס מיך געמאַכט און מאַט.

דאָס געוועב געשפּונען האָבן זויערשטאָף און עטער.
טוי פון הימל געבאָדן האָט רויזן-בלעטער.

זון-שטראַלן געקושט האָבן די בלומען-ליפּן,
דורך ליכט-און-טאָג ליבשאַפטן זיך קניפּן — — —

בלומען פלאַנצער האָט בוקעטן אַפיר געבראַכט,
טעכטער יידישע האָבן יום-טוב היינט געמאַכט.

## פ אַ ר נ אַ כ ט

פאַרנאַכט, טוט גאָטס טאָגיקער שמייכל
אויסגיין, אין זון-גאָלד ביים האָריזאָנט.
אין זיבעטן הימל, אין גאָטס ליכטיקן היכל,
ווערן בני-אָדמס מעשים פאַרצייכנט — דערמאָנט.

## בלעטער פון אַ רויז

בלעטער טרוקענע, דאַרע,
אויף שטאָטישן אַספאַלט צעוואָרפן;
צעקנייטשט, געביטענע מראה, —
צייטיקן די פרילינג-טאָרפן — — —

# זיבן זיינען זיי געווען

**רחל ינאית בן־צבי— אויטאָר פון בריוו**

זיבן זיינען זיי געזעסן אויף אַ בוידים־שטיבל,
צי אין אַ קעלער־שטוב ביים לאָמפּן־שיין —
איינע האָט אַ בריוו געלייענט, פול זאָרג און פּיין;

שטראָף־רייד האָט מען אויפגענומען אָן פאַריבל:
„איר שיקט פעקלעך צו די אָרעמע מומעס, —
מיר ברוגזן זיך נישט, מיר זאָגן אָן תרעומות:

„מיר האָבן שטיינער, דאָס לאַנד מיר בויען,
פון שטאָט־און־שטעטל האָבן טעכטער זיך דערקענט,
אויף אַרבעט שענקט יעדע איינע אירע וואַכע הענט.

„אונדזער ליבשאַפט, חברות, אייך מיר טרויען:
אונדזער חלום איז אַ ברונעם — מים, מים!
דיכטער גראַמען דאָס וואָרט מיט ירושלים.

„ביי אונדז איז עס עיקר, מיר דאַרפן אַ ברונעם;
זינט רבקה ט'אליעזרס קעמלען מיט וואַסער אָנגעטרונקען
האָט דאָס געלייטערט יידיש פאָלק געזונגען — "

* * *

זיבן זיינען זיי געזעסן, איינע האָט אַ בריוו געלייענט:
— „אייער ברונעם האָט אונדז אָנגעטרונקען, די שפע זאָל געדייען."

# ווייסער גאָלד

ווייסער גאָלד אויף ישראלס באָדן —
בלאַנקט דאָס באַוול אין מזרח-זון;
לויטערע וואַרעמקייט צערטלט דעם באָדן,
עס קושן די צווייגן שטראַלן פון זון.

דורך גרינע בלעטער ווינקען באַלן —
באַוול קלאָרער, ווייסער פון שניי.
שטיל ווי לאַמען ציען זיך לבנה-שטראַלן;
אין שלווה נידערט פון הימל גאָטס טוי.

זיסע וואַסערן טרינקען אָן די שטאַמען,
וואָלקן-זיילן וואַכן איבער יהודהס גיטער;
בויער גאַרטלען און פעסטיקן די צאַמען,
אין צייט אין רעכטער קומען אָן די שניטער.

יונגע הענט קלייבן ווייסן גאָלד אין קוישן,
פערל-ציין בלאַנקען — דערהייבן זייערע אַקסל;
יינגלעך און מיידלעך רודערן און רוישן —
אין פריידיקער אַרבעט זיי דרייען די אַקסן.

ראָלן רעדער איבער שינעס מיט קאַסטנס געלאָדן,
געטורעמט מיט גאָלד אין ווייסן בלענד, —
באַוול געוואַקסן, אויף ישראלס באָדן,
געפלעגט און געצערטלט פון יונג-וואַכע הענט.

# זיבן ברונימער אין נגב

אין זיבן ברונימער פון נגב
שפיגלען זיך בלויע הימלען, —
וועקן מדבר פון דורותדיקן דרימלען.
ס'היטן די ברונימער אין נגב
בחורים ובחורות, —
זיי בויען, פורעמען אַ שטאַט.

קאַיאַר הייבן זיך אויף יונגע ביינער;
טויאיקער דרויסן איז שלווהדיק שטיל,
יעדערער גייט צו זיין ציל:
צום טראַקטאַר נעמט זיך איינער,
דער פלאַנצערביימעלעך טראָגט —
אַלע שיכטן דער נגב פאַרמאָגט:

פלאַנצער, אַקערער און בויער.
קומען אויף געצעלטן ווי נאָך אַ רעגן שוואַמען,
מיט געזאַנג און ברכה זייט מען זאַמען,
פלאַטערן יונגע בלעטער צו ישראלס טויער;
אַליוו-ביימער צייטיקן די צווייטן
און סאַברעס, די גרעניצן זיי היטן.

צעפיבערט איז דורך אַרבעט דער טאָג,
די בערג קוקן אַראָפּ מיט פרייד,
די זון אין פייער-פלאַמען פאַרגייט,
טאָל און היגל זעגענען זיך מיטן טאָג.
פאַרנאַכטיקע שלייערן הילן איין דאָס געמיט;
פון פּרדס און פעלד גייט מען מיט מידע טריט.

האַרנדיקע לבנה שווייגט אויס אַ שאַלן:
די שטערן זי רופט אין דער נאַכט;
אויף שמירה שטייען סאַברעס און מען וואַכט.
פון די בערג ציען זיך שאַטנס און זיי פאַלן,
אויף טויאיקע פלאַנצן און גראָזן
האָבן זיך טריט צו די שומרים געלאָזן:

כלי־זיין אין די הענט פון דער וואך,
געפעסטיקט דורך דורותדיקער גבורה.
א געשטאלט לויכט אויף — א ליכטיקע בשורה:
— פון אוהל כ׳האב אראפגעשליידערט דעם דאך;
פון בית־לחם, דורך נאכט און דורך שטערן,
כ׳בענטש איך: איר טוט אפווישן מיינע טרערן — — —

— די זיבן ברונימער אין נגב טוט איר היטן:
„מים, מים־חיים" זינגט דאס הארץ פון דער נאכט,
און איר, אברהם׳ס אייניקלעך, וואכט,
אונטער שלייער־שאטנס, אונטער הימל־צעבליטן.
כלי־זיין און אקעראייזן אין אייערע יונגע הענט,
איר ליכטיקע בויער, אין דער אייביקייט צעהעלט.

— דורך די טעג און דורך די יארן,
אויפגראבן וועט איר אוצרות אין די בערג,
פון שלמה המלכס קופער־מינעס — גאטס ווערק.
שטילע וואסערן וועלן באדן טאג דעם קלארן;
פישערלייט וועלן אין ימען אויסטערלישע פערל קלייבן,
אין מוזיק און אין לידער וועט איר עס פארשרייבן.

— און איר, מיינע טעכטער, וועט אוועקלייגן ס׳כלי־זיין,
לידער וועט איר זינגען אייערע קינדערלעך אין וויג,
דערציילן די מעשה עשו — פון גרויליקן קריג, —
מדריכים וועלן תלמידים לערנען: „און עס וועט זיין,
ווען עולים וועט מוטער רחל ניט באגעגענען מיט טרערן,
נייערט מיט געזאנג צו גאט, און ליכטער פון די שטערן."



הארנדיקע לבנה האט פארבלייכט אין הימל,
שטערן זיינען ווי גילדענע פישלעך פארשוואומען, —
ביים האריזאנט שניידט זיך נייער טאג צום קומען,
בלומען צעעפענען זייערע אויגן צום זוניקן הימל.
בויער שפאנען איבער פלעינען, איבער פלאכן, —
אויף זייערע טואונגען דער בורא עולם טוט וואכן.

# אין מדבר פאַרנאַכט

איך שטיי אונטער אָפענעם הימל,
ווי אַמאָל אין מדבר פאַרנאַכט ;
אין האַרצן אַ דורותדיקער דרימל,
אויפן וועג האָבן חושים דערוואַכט.

דער מדבר אין פלאַמיקע צונגען,
די זון דעם האָריזאָנט האָט געברענט ;
אין גאַנג האָבן יידן געזונגען —
קעפּ צום הימל, צום בורא די הענט.

משה האָט דעם ים־סוף געשפּאָלטן,
ס׳האָבן זיך געהויבן שוים־ווייסע ווענט ;
עס האָט דער שונא געיאָגט און געשאָלטן,
ישראל האָט אייגענע כוחות דערקענט — — —

די פייקלערין מרים הנביאה
און די טעכטער ישראלס אין טאַנץ, —
אין געזאַנג און אין יובל ביז שקיעה
ט׳זיך געפלאָכטן גרעסער דער קראַנץ.

נאָכן גלות דורך טויזנטער יאָרן,
נאָך דער קנעכטשאַפט אין פרעה־לאַנד,
זיינען די גייער שטאַרקער געוואָרן
אויפן וועג פון צוגעזאָגטן־לאַנד.

איך שטיי, ווי אַמאָל, איצט אין מדבר,
יובל פון פאָלק טו איך פאַרנעמען, —
אין זכות פון העראָאיש־גרויסן דור,
נויגן זיך הימלען, גאָטס ליכטיקע ברעמען.

# ביאַליקס ניגון

**אוצרות**

רייך איז דיין שייער
די אוצרות מיר היטן, —
ס'איז הייליק און טייער,
דיין גאָרטן צעבליטן
מיר היטן, מיר היטן.

ה. ז.

דער טאָג איז אויפגעגאַנגען אַ גרויער,
נעפּל-שלייערן האָבן די שטאָט איינגעהילט;
זיינען מענטשן געגאַנגען אין טראָט איינגעשטילט,
אין האַרצן געטראָגן אי פרייד, אי טרויער — — —
געדיכטער האָט זיך דער נעפּל געשפּונען,
אַ דרימלענדיקע קאַץ האָט זיך פויל געצויגן;
מענטש אין גאָטס וועלט אונטערן יאָך געבויגן —
אין שטילקייט זיינען זיך זייערע עולן צערונען.

פון נאָענט און וויט זיינען טעכטער אָנגעקומען
אויף אַ מסיבה — צום יום-טוב פון וואָרט;
ליכטיקע געזאַנגען האָט אַן עולם פאַרנומען:
ביאַליקס ניגון — דער וואונדער אַקאָרד — — —
דורכגעברענטער נעפּל מיטן פייער פון זיין ליד,
האָבן זיך צעוויגט חסידיש-טאַנצנדיקע טריט.

# אַ האָראַ*)

אַ מתנה די 9 הצופים אויף זייער באַזוך אין אַמעריקע

פון באָדן פאַרטריבן,
פון באָדן פאַרטריבן —
דאָס פאָלק פון חלום און וואָר,
דאָס פאָלק פון חלום און וואָר.

געשפּאַנט דורך די דורות,
געשפּאַנט דורך די דורות —
אין האַרצן אי חלום אי וואָר,
אין האַרצן אי חלום אי וואָר.

צום טויער פון ציון,
צום טויער פון ציון —
שטראָמען די מחנות אַהיים,
שטראָמען די מחנות אַהיים.

די קעפּ צו די הימלען,
די אַקסלען געפלאָכטן —
גרעסער און גרעסער דער קראַנץ,
גרעסער און גרעסער דער קראַנץ.

די וואָלקנס פאַרשוואונדן,
נייע זונען געצונדן —
פלינקער און פלינקער דער טאַנץ,
פלינקער און פלינקער דער טאַנץ.

*) צו זינגען מיטן ניגון: „ארצה עלינו“.

## חנה טשיזשיקן

פון טייטש־חומש צום לאַנד פון די אבות,
האָסטו זיך געלאָזן מיט דער צווייטער עליה.
מיט ליבשאַפט צום לאַנד פון די אמהות
האָסטו זיך געווידמעט דעם געבאָט פון עבודה.

מיט ציין און מיט נעגל געריסן די שטיינער,
געטריקנט די זומפן, געפלאַסטערט דעם וועג,
וואָס האָט דיך באַשווערט מיט דער משא פון שטיינער,
און געשפונען דעם חלום פון ליכטיקע טעג — — —

מיט דיין אָדלער־בליק האָסטו די טעכטער געהיט,
אין די טעג ווען זריעה און שפייז האָט געפעלט;
מיט הונגער־נסיון אין זייערע גליאיקע טריט —
בראשיתדיק האָט איר אויפגעאַקערט דאָס פעלד,

האָבן פעלדער געציטיקט גרינסן און תבואה,
פרייד האָט געכוואַליעט איבער משק הפועלות;
דעם אַקער־אייזן געפעסטיקט אין האַנט מיט אַ שבועה:
זיך איבערבויען איז געווען דאָס עלפטע געבאָט!

## ישראל ווינגליד

שלאָף מיין קינד מיין צאַרטער יינגל
מאַך די אויגן צו,
ביז דער מלאך מיט סאַמעט־פליגל
וועט זינגען דיר ליו־ליו;

כ׳וועל אַ מעשה דיר דערציילן,
מאַך די אויגן צו,
כ׳וועל אַ מעשה דיר דערציילן,
שלאָף מיין זון ליו־ליו.

די באָבע דאָבע פלעכט אַ שלייפל
פאַר דיין רעכטער האַנט,
דער זיידע נתן פירט אַ שיסל
פאַר גריצעלעך מיט שמאַנט.

שפילצייג פירט ער אַ פולן קאַסטן
פאַר שטיפערלעך אין לאַנד,
שלאָף־זשע איצט מיין צאַרטער יינגל
מיטן שלייפעל אויף דיין האַנט —

דיין טאַטע־מאַמע אַקערן פעלדער
אונטערן הימל בלוי,
דיין טאַטע־מאַמע פלאַנצן וועלדער
מיט קושן פונם טוי.

שאָסייען ליגן ברייט געפלאַסטערט
פאַר דיינע העלדן פיס;
אַנטקעגן קומען דיר גבורים,
גבורים ריז נאָך ריז:

יהודה המכבי און זיינע ברידער —
אונדזער אַלטער יחוס-בריוו;
זינגט רחל צו ירושלים,
באר-שבע און תל-אביב.

פון מצרים ביזן שיף „עקזאָדוס"
ציט זיך אַ לאַנגע קייט —
אָט קומען בויער, אַקערער,
איך הער די טריט — מען גייט!

שלאָף-זשע איצט מיין צאַרטער יינגל
מאַך די אויגן צו,
ביז דער מלאך מיט סאַמעט-פליגל
וועט זינגען דיר ליו-ליו-ו-ו-ו.

## בלילה, על המשמר

### א

אונטערן צייכן פון ווייס און בלאָ,
אונטערן צייכן פון דודס זיגל,
זאָגן מיר צו די עולים „ברוך הבא!"
און מיר צעברעכן דעם שונאס ריגל — — —

### ב

מיר, די קינדער פון ישראל,
וואַכן אויף באַרג און טאָל;
מיר אַקערן די פעלדער
און פלאַנצן טיפע וועלדער.

### ג

מיר, די קינדער פון ישראל,
דעראָבערן ניט קיין פרעמדע גיטער, —
מיר, די קינדער פון ישראל,
זיינען פון אייגענע גרעניצן די היטער.

# סיני אַקציע

## א

אין דער צייט פון מאַרש אויף מדבר סיני,
אין די טעג פון פרשה „תולדות" —
אין דער שעה פון חצות
געשאָלט האָט דער אדון המדינה
צו די שומרים פון די גרעניצן,
צו די שומרים פונם היימלאַנד:
— שלאָגט דעם שונא מיט אַלע אייערע וואונדער,
און די שטערן וועלן צייכענען דעם וועג,
און די בערג וועלן איינהיטן די גבורה,
און די טייכן וועלן זויבערן
אַנטקעגן אונדזערע אויסגעבענקטע טעג — — — —

## ב

טראָגן זיך עראָפּלאַנען אונטער די וואָלקנס,
פּאַראַשוטיסטן צאַמען דעםווינט
און יאָגן, — — —
פאַריאָגן דעם שונאס חיילות.
אונטער די הימלען
שוועבן זעקס מיליאָן קדושים
און וואַכן: די פייערדיקע טויערן
פון יעקבס געצעלטן
תמיד זאָלן זיין אָפן,
**תמיד** — — —

ג

און די טייכן וועלן אָטעמען
מיט דאָס בלויע פון די הימלען,
און בלומען וועלן זייערע קעפּלעך נייגן
צו קינדערלעך אין שפּיל,
און די זון־שטראַלן
וועלן קושן די שפּיצן פון זאַנגען,
און ווייץ־קעלערן וועלן פולע קרוגן
צום יום־טוב דערלאַנגען.
און עס וועט גרינען דער וועג
איבער וועלכן פעלקער וועלן ציען,
און זייערע מידע הערצער טובלען
אין ישעיהס נבואה:

„והיה באחרית הימים"

# בת גלים

די טאָכטער פון די כוואַליעס
האָט זיך איבערן ים געלאָזן,
אַ שיף ווי אַלע שיפן —
מיט אַ מאַסט און מאַטראָסן.

דער ווינט האָט געפלאַטערט
די פאָן מיט דודס שטערן;
דער ים האָט דעם וועג
ניט געטאָן באַשווערן.

זינגט צבי שילדאָן*)
אַנטקעגן די וואַסערן שטילע:
„דעם גייסט פון גאָט
נעם איך אויף מיט אַ תפילה;

„איך פיר ניט די שיף
צו דעראָבערן פרעמדע גיטער,
מיר זיינען פון אייגענע
גרענעצן די היטער — — — —

„בת־גלים, בת־גלים,
טאָכטער פון די כוואַליעס,
דערצייל די שטורעמדיקע ימים,
דערצייל, טאָכטער פון די כוואַליעס:

„מיר, די קינדער פון ישראל,
דעראָבערן ניט קיין פרעמדע גיטער,
מיר, די קינדער פון ישראל,
זיינען פון אייגענע גרענעצן די היטער".

*) צבי שילדאָן — דער קאַפּיטאַן פון שיף בת־גלים.

# פיאָנער

דו האָסט געדעדט אין לשון פון די אָבות
און דערמאָנט דאָס לאַנד, וואו ברויט
און טעגלעך לעבן גראַמט מיט טויט,
נאָר דיינע וואַכע אָקסלען זאָגן ערבות:

אַז אַ חלום פון אַ פאָלק פאַרגייט ניט מיט דער נאַכט!
פון דורות אָן אין וואָגל איז זיין טראָט,
פיאָנער האָט אויסגעהאַקט אַ ניי-געבאָט:
אויף שליימיק-גראָע זומפן בנינים אויפגעוואַכט.

אַ חלום פון אַ פאָלק פאַרגייט ניט מיט דער נאַכט.
„ווייסער פאַפיר" שרעקט ניט דעם בויערס האַנט —
נאָכן חמסין גייט ליכטיק אויף דאָס לאַנד.

ליגן וועגן און שאָסייען קלוגע און באַזאַכט,
פרדסים בליען מיט חלומות אינעם צוויט, — — —
בויער גייען איבער וועגן מיט האָפערדיקע טריט.

## רחל

דיין טאַטנס טיש האָסטו פאַרלאָזן,
אויך דיין פּאַליטרע און די פאַרב;
אין לאַנד פון די אבות זיך געלאָזן
אַ יונגע, אַ רייפע ווי אַ גאַרב.

איבער ים׳ען האָסטו זיך געטראָגן,
כוואַליעס האָבן געשלאָגן — לייבן־ווילד;
נאָך לאַנג ביז ס׳האָט גענומען טאָגן —
דיין פלאַמיקן חלום אין שוימען געהילט.

דיינע שוואַרצע שיכלעך האָסטו פאַרשליידערט;
אין מדבר געברענט דיינע באָרוועסע פיס;
דאָס גאָלדן־געשפּאָן פון זיך דערווייטערט —
עבודה ביים ים כנרת איז דיר געוואָרן זיס.

דיינע הענט געשטאַרקט ביי דודס שטערן,
האָסט געמישט אַ פאַרב אינעם ווייסן־בלאָ;
די פאַרב האָט געבלענדט מיטן ליכטיקן שטערן,
איך דערקאָן יענעם מאַי — די אייביקע שעה — — — —

# זיבן ווייסע אייזעלעך

זיבן ווייסע אייזעלעך, אויערן — לאַצן צעשפּרייטע
זיצן זיבן זעלנער פון יידישן לעגיאָן גרייטע;
צו לאָזן זיך אויפן איינגעדרימלטן מדבר־וועג, —
באַפרייען דעם באָדן אין אונדזערע שווערע טעג.

דער מדבר ליגט פאַרהוילן אין סודותדיקן דרימל,
אויף זאַמד־דיונעס שפּאַנען אייזעלעך צום הימל.
זינגען זיבן זעלנער שטיל, צום בורא, מיט בטחון:
— די האָסט צוגעזאָגט אויסלייזן אברהמס שטאַם פון יאָכן.

אונטער דער מזרח־זון שרפהט דער מדבר־גוף,
אייזעלעך שפּאַנען אויף זאַמדן־טרעפּ אַרויף, אַרויף;
זעלנער בליקן, ווי די אָדלער, זוכן דעם באַדייט:
אויפשפּאַלטן רעטעניש פון ספינקס, אין דער נייער צייט.

פון יענער זייט האָריזאָנט האָט זיך דערטראָגן אַ געזאַנג,
צו די זיבן זעלנער, אויף אייזעלעך אין מדבר־גאַנג;
די הגנה, געפעסטיקט מיטן גלויבן — שטאַרקער פון טויט,
לערנט די קריגערישע וועלט צו בייטן איר הויט — — —

נאָך צוויי מעכטיקע זיילן — חן און דער פלמ״ח, —
דער יסוד איז געלייגט לויטן סדר פון תנ״ך.
אַנטקעגן קומט דער רייטער אויפן ווייסן פערד — — —
צו יובלען מיט אברהמס שטאַם אויף באַפרייטער ערד.

## אין דיין טוי

אין טוי פון דיין פּרדס
אַ לאַנד, מיין לאַנד,
האָב איך מיין חלום געטובלט.
אין שעה פון גזר
מיט אַלע חושים פון דיר געאַנט,
אַ, לאַנד מיין לאַנד ;
אין שעה פון גאולה
האָב איך מיט מיין פאָלק געיובלט.

אויף דער וואָר
האָב איך דיין באָדן ניט באַטראָטן,
אַ, לאַנד, מיין לאַנד.
אין טוי פון דיין פּרדס
האָב איך מיינע פינגער נישט געטובלט.
אין יעדער וואַכער שעה
האָב איך פון דיר געאַנט
אַ, לאַנד, מיין לאַנד.

## חג הביכורים

דורך קלאָרן הימל
מיט גאָלדענע שטראַלן, —
די וועלט אין דרימל,
אין פריידיקן קוואַלן.

גערטנער מיט בלומען,
פעלדער מיט זאַנגען ;
מענטשן־קינדער קומען
מיט טענץ, מיט געזאַנגען.

מען שניידט די תבואה,
גערשטן און קאָרן ;
איך הער די נבואה :
אָנזאָג פון האָרן — — —

# קינסטלער אין ישראל

אויף דיין באָדן האָבן זיי געצעלטן אויפגעשטעלט
פון אַלע גלותן געניוס אהער, צו דיר, געבראַכט;
אין טעג די גרויליקע האָט דער בורא געוואַכט,
איבער זייער וואָגלען אין דער שטויביקער וועלט.

צו באַמאָלן וואָס מען האָט אין דער פרעמד געזען,
נישט קלעקן וועלן לייוונטן, נישט קלעקן וועלן פאַרבן:
חלומות האָבן געבליט, חלומות האָבן געטאָן שטאַרבן, —
דורך נגישות וואָס האָבן צום וואַנדער־פאָלק געשען — — —

דאָס בלאָע פון הימל און דער סוד פון זיבן פאַרבן,
וועלן גובר־זיין איבער פיין און בראַנדיקע וואונדן:
צוויי־טויזנט־יאָריקער חלום אייביקע זונען האָט געצונדן;
בלינדע פעלקער־שנאה אָפּגעטויט וועט ווערן און שטאַרבן.

זאָמדן האָבן נישט געדינט געטריי: נישט פאַרשאָטן די תהומען,
וואַסערן וועלן אָנגיסן, פול ווי אַן אויג, די ליידיקייטן,
און גאַרטלען דעם ערד־קיילעך, ביז די ווייטע ווייטן, —
און אַ נייע תבה וועט דערלייזן אין גאָטס נאָמען — — —

# אַ ליכטיקע נסיעה

אָנגעקומען בין איך אין נגב נאָכן רוף פון האָרן,
אויפן פעלד בין איך אַרויס אין געפלדיקן קאַיאָר;
דערפרייט האָט מיך אַ ליכטיק־בויענדיקער דור, —
פאַר מיר געשפּרייט אַ טאָג אַ לויטערן, אַ קלאָרן.

אַקער־אייזן האָט דורשטיקן מדבר פון טריקעניש באַפרייט,
פון זייערם פּנים אויף בייטן שוויים געטאָן האָט פאַלן;
און גאָט האָט רחמימדיק צעעפנט זיינע בראשית־קוואַלן,
דורך אַרבעט האָט דער גלות־ייד זיך אַליין באַנייט — — —

פליגל פון יונגן טאָג געגלעט האָבן דאָס אַלט־ניילאַנד.
אונטער בלויע הימלען צווישן בלומען־בייטן האָב איך געשפּאַנט,
דורך אַלע חושים דעם גרויסן וואונדער ניט געקאַנט באַנעמען:
דער ווינט טוט וויגן זאַנגען — קאָרן־פלאַנצן און ווייצן,
די שפע טוט אין שייערן מיט ברכות פלייצן;
ווען זון צעעפנט בלומען־אויגן, דערוואַכן מיינע ברעמען — — —

## צוויי כוחות

אַ זעמדל פון מדבר,
אַ טראָפּן פון ירדן
האָבן געפאַנגען
דאָס האַרץ פון דער נאַכט.
מיט הייסער ליבשאַפט
האָבן געבלענדט
און געפלאַטערט
שטערן מיליאַרדן.

זאָגט זעמדל פון מדבר
צום טראָפּן פון ירדן:
— דער צעכוואַליעטער מדבר,
אין דיונעס פון זעמדער
וואַרעמט נאָמאַדן-טריט;
זיי האָבן דורך דורות
געשפּאַנט איבער מדבר,
וואָס חלומט און היט — — — —

זאָגט טראפּן פון ירדן
צום זעמדל פון מדבר:
— דיין חלום טוט שוועבן
אין ליכטיקע אָרביטן:
און שטערן מיליאַרדן
צוויי כוחות פאַרשמעלצן —
זעמדער פון מדבר
מיט כוואַליעס פון ירדן — — — —

# ליד

א גאַנצן מעת-לעת
אונטער פיבער פון וואָרט,
געשפּירט דעם וואונדער, דעם נס,
דורכן האַרץ פונם וואָרט.

געטויכט ווי דער פישער
און פּערל געפונען, —
אויפן טייך אַ דערפרייטע
חלומות געשפּונען — — —

געשנירלט די פּערל
אויף לבנה-שטראַלן;
דאָס געזאַנג פון שפּערל
געטאָן האָט קוואַלן.

אַנגעצויגן די זעגלען
האָבן נאַכטיקע ווינטן,
זעגלמייסטער טוט זעגלען
איבער צעכוואַליעטע אינדן.

דער ים צוימט די כוואַליעס,
ציען זיך שלייערן ווייסע;
אַנטקעגן שווימען כּלות
אין אַ ליכטיקער מעשׂה.

יונגער טאָג דערמאָנט
אין דער שיינקייט פון לאַס,
די זון ביים האָריזאָנט
קושט דעם זוים פון ים — — — —

# חומש מאַטיוו

מרדכי לייבן

זינט אָדם איז געגאַנגען זיין ערשטן גאַנג,
איבער תהו'דיקער ערד געזוכט אַ וועג,
און שווער געווען איז דער ערשטער פאַנג,
אין יענעם אָנהויב — אין די יונגע טעג;

דער באַק האָט דורשטיק געלעקט די גרעזער,
די ציג האָט תמ'עוואָטע געקייט און געקייט,
געשפרונגען איבער בערגלעך האָבן דערשראָקענע העזער,
דערזען האָט אָדם דעם הירש אין דער ווייט;

געצילט האָט אָדם אין די צווייגן-הערנער,
דער שטיין איז געפאַלן אין אַ צווייטן שטיין —
הילך האָט געצייכנט דעם וועג מיט די דערנער,
פאַרגאַפט איז אָדם געבליבן דאָרט שטיין:

אין קראַך פון שטיינער האָבן פונקען געפינקלט,
געציטערט האָט אָדם מיט געטלעכער פרייד —
אויף תהו'דיקער ערד האָבן שטערן געפינקלט,
אַזוי דערציילט אָדם אין זיינע פשוטע רייד:

— חוה, חוה, דער וועג ז'געווען אַ שווערער,
געבראַכט האָב איך גאָרנישט אויף מיינע הענט;
שרצים און קריכער זיינען געווען די שטערער,
נאָר דאָ אויף דער ערד האָב איך שטערן דערקענט. —

— דערקענט האָסטו שטערן, מיין אָדם, מיין קרוין,
און איך האָב אַ צווייגל גענומען היינט פלאַנצן;
מירן גרייכן צום הימל — ליכטיק און שיין: —
פאַר גאָט דעם האַר לאָמיר אויספלעכטן קראַנצן. —

## באַגעגנט

אַ מידע בין איך צו דיר געקומען
פון דער שטויביקער וועלט,
מיט ליבשאַפט האָסטו מיך אויפגענומען
אין דיין געצעלט.

דו האָסט צו מיר גערעדט
מיט ערלעכע הענט, —
כ'האָב פאַרנומען דיינע רייד ווי אַ געבעט
צווישן תפילהדיקע ווענט.

מיטן שוויים פון דיין שטערן
טוסטו מיינע פיר ווינקלען באַלויכטן,
מיט אַלע חושים טו איך הערן:
ס'געזאַנג — אין דיין אָטעם באַהויכטן.

מיט די פיס ביסטו געבונדן
צו דער וואָכעדיקער ערד,
צו זען דיינע פליגל געצונדן
האָט מיר גאָט באַשערט — — — —

וועל איך זיצן ביי דיין שוועל
ביז אין סוף פון מיינע טעג —
טרינקען גאָטס חסד — אין ליכטיקייט־העל
און היטן יעדן צייכן פון דיין ערלעכן וועג.

אַ מידע בין איך צו דיר געקומען
מיט פאַרוואונדיקטע הענט —
מיט ליבשאַפט האָסטו מיך אויפגענומען:
דו האָסט מיך דערקענט — — — —

## פאַרהיט

עס איז שטיל און אומעטיק
צווישן מיינע פיר ווענט;
די שוועל ליגט אַ שווייגנדיקע,
עס וויינט דער פונדאַמענט.

קוק איך אויף דער וועלט
דורך טרערן — — —
כ'זע אַ ליכטיקייט צעהעלט:
דורך זון און טרערן

לויכט אויף דער רעגנבויגן
אין אייביקן בונד, —
אין לויטערקייט די אויגן
גלעטן דעם גרונט,

וואו צער דערלייטערט —
פאַרהיט פון בזיון,
דערווייטער מיך, גאָט,
פון נסיון — — —

## איך און דו

הער זיך צו —
טרוימער מיינער גרויסער,
אין חלום-לאַנד לעבט מען ניט בעסער
ווי איך און דו.

שפּאַנען מיר פריילעכע
אויף וועגן ניט קיין זיכערע
איך און דו.

פון לוקסוס איז אונדזער הויז באַהיט,
דער וועג צו אונדזער הויז —
פון גערינצלטן גראַניט.

גייען מענטשן ווייניק דאָרט,
מענטשן —
ליבן אַ זאַטן אָרט.

## דיין יונגער טאָג

### א

דיין טאָג — אַ גאָלדענער לייב
פאַרלייגסטו איבערן קאַרק,
טראָגסט אים אין פרייד,
טראָגסט אים אין לייד —
דיין ערלעכן באַשייד
אויפן מענטשן-מאַרק.

כהנישער אימפּעט דיין טראָט,
שטילקייט רוט אויף דיין ברעם.
פון מענטשן-מאַרק אויפן יאַריד
ביסטו אַ יחסן — אַ מיטגליד:
אין תפילה צו דיר מיין ליד,
דיין כהנישן טראָט איך פאַרנעם — — — —

## פאַר מיין פענצטער

### ב

פאַר מיין פענצטער ווייסע דעכער,
דערפרייען מיר מיין געמיט;
שטילקייט שוועבט ווי געטלעכע פעכער.
פאַר מיין פענצטער ווייסע דעכער, —
הויך איך האַלט אַ פולן בעכער
צום פריינט מיט ערלעכע טריט.
פאַר מיין פענצטער ווייסע דעכער,
דערפרייען מיר מיין געמיט.

## רחבות

### ג

ס'איז דאָ אַזאַ רחבות
צווישן דיינע פיר ווענט, —
שטילקייט, שלווהדיקע אחדות
צעבינדן מיינע הענט.

אונטערן דאַך, געראַמט
צווישן דיינע פיר ווענט;
האָב איך, אַ דערפרייטע
מיינע כוחות דערקענט — — —

## איך ווײס נישט

איך ווײס נישט אויף װעלכן לשון אָדם
האָט גערעדט בײם ערשטן זון פֿאַרגײן?
די לעגענדע האָט דערצײלט, אַז אָדם
איז זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ גרױם געװײן.

און גאָט האָט אָדמען טריבע־טרערן באַשערט, —
נאָך אײדער ערשטער מת איז אויף דער ערד געװען;
לעבן און טויט האָבן דעם מענטשן אויף אײביק באַשװערט,
און הימל און ערד האָבן ברודער־מאָרד דערזען — — —

חוה האָט דאָס שיפֿען פֿון שלאַנג מיט טרערן פֿאַרשװענקט,
די זערנע געפֿונען, אין פֿעלד עס פֿאַרזײט;
קױשן פֿולע מיט גערשטן און קאָרן געברענגט, —
און פֿעלדער צעבליטע האָרכן טריט, װאו זי גײט.

אויפֿגעקומען זײנען דורות, מען האָט געסדרט, געבױט,
דורך דער עקידה האָט גאָט אַ בונד פֿאַרשניטן:
במתּנה דעם זיגל אַברהמס שטאַם אָנפֿאַרטרויט, —
און דאָס פֿאָלק היט דעם צײכן, אין ליכטיקײט צעבליטער.

## ערב שטורעם

מיטן יינגסטן באַגינען
ביסטו פון הויז אַרויס, —
פול איז געוואָרן
יעדער ווינקל אין הויז
מיט בענקשאַפט, מיט שטילער,
ווען דו ביסט אַרויס — — —

און די שטילקייט דערציילט,
און די בענקשאַפט דערציילט:
— באַהויכט בין איך מיטן ציטער פון טוי,
— געטריבן בין איך מיטן כוח פון ווינט,
— די וואָלקנס איך יאָג פון דער שטילקייט אַרויס,
— די בליצן איך צינד פון דער בענקשאַפט אַרויס.

טראָגן זיך בופלאָקסן, אָקסן
איבער הימלען די זיבן;
בליץ־מעסערס שניידן די הימלען
גרימען־אויף דונערן דעם חלל, —
צעצינדן די גרונטן
פון בעלי־חי און בני־אָדם — — —

# אַן אורח

מיטן ערשטן שטערן איז אַן אורח געקומען,
אויף זיינע מידע פיס דאָס שטויב פון דער וועלט;
ער דערציילט פון וואונדער, דערציילט פון זיין וואַנדער,
וואָס ער האָט געזען אויף דער גרויסער וועלט.

אין געצעלט אין שטילן, אין געצעלט פון דחקות,
פאַר דריי איז דער טיש געוואָרן געגרייט:
פּאָמידאָרן, ציבעלעס, אייל אין אַ שיסל,
אַ קוילעשעק י״ש האָט דעם גומען דערפרייט.

ציטער האָט געכישופט דאָס וואָרט אַרום ליפּן,
זיין צונג האָט זיך אין רייד אויפגעבונדן;
געשטראָמט האָבן מעשות — שוימיקע וואַסער־פאַלן,
אין תפילהדיקער שטילקייט האָבן זיך שטערן געצונדן.

ביז חצות איז דער אורח אין געצעלט געזעסן,
אַ קוילעשעק י״ש האָט זיין גומען דערפרייט;
אומעט האָט זיך געשפרייט אין געצעלט אין שטילן,
ווען דער אורח האָט זיך אויף זיין וואַנדער געגרייט — — — —

# אַ בקשה

קריץ אין ערגעץ איין מיין נאָמען,
וואו נאָר דיר געפעלט — — —
אין ערמיטאַזש, אין ביבליאָטעק, אין ביכער
וואָס איך האָב לייענען פאַרפעלט.
גיב דאָרט אָפּ מיין פּלאַמיק גרוס
יידן אין מיין ליטוויש שטעטל,
שפּאַן אַריבער שוועל פון הויז, —
ניט זוך מיין קינדער־בעטל.
ביים דאָלינע די גרינע פראָש
לאָבט זיך נאָך מיט מיינס אַ גלעט —
גיי דאָרט צו צום ביכער־שאַנק,
טו אַ בלעטער מיין טאַטנס ספרים,
שוועבט נאָך דאָרט אַ ניגון אום,
איבער די פאַרלאָזטע ספרים? — — —

## וואונדער

שטענדיק שוועבט פאַר מיינע אויגן
יענער וואונדער:
ווען איך האָב צום ערשטן מאָל
מיינע פינגער דערזען, —
ווען מיינע הענט האָבן מיט פרייד
אויסגעקיילעכדיקט אַן אַלף און אַ בית,
און אָנגעשריבן אַ מעשה
פון אַ קלייד
מיט פליטערלעך ווייסע — — — —

שטענדיק לעבט אין מיין זכרון
יענער וואונדער,
וואָס האָט געכישופט אין מיין טאַטנס אויגן,
ווען ער איז אַהיים געקומען פונם רבין,
מיטגעבראַכט אַ ציטער אין זיין ניגון.
געהילט איז ער געווען
אין תפילה, אין געזאַנגען,
ווען ער איז אַהיים געקומען פונם רבין,
מיט וואונדער אין די אויגן — — — —

# ווי אין חלום

## א

ווי אין חלום טראָג איך דיך אין מיין דמיון,
און ס'איז הייליק און טייער דאָס אָנען, —
אָט וויקל איך זיך איין אין מיין חלום,
און דו נעמסט מיך אַוועק פון דאַנען.

אין שטוב איז אַ בין השמשותדיקע שטילקייט,
די שטוב איז איינגעהילט אין תפילהדיקער רו —
מיר שווייגן מיט אַ מאָדנעם שווייגן,
אָט קומסטו צו מיר פּאַטערלעך צו:

— טאָכטער, דו קומסט פון די מרחקים,
דערצייל פון די וואונדער אין גאָטס וועלט;
האָט קאָלומבוס געפונען די בשמים
צי האָט ער געפונען אַ נייע וועלט? — — — —

## ב

— גאָטס וועלט, טאַטעניו, איז כולו וואונדער און סכנה:
אָדמס קינדער גרייכן שוין צו דער לבנה,
די וועלט איז נאָך צעטיילט אין גרעניצן-סכנה.
קאָלומבוסעס מרגלים האָבן ניט געפונען די בשמים.
קיינער האָט נאָך ניט געפונען וואָס ער האָט געזוכט.
שטייט די וועלט איצט פאַר מוראדיקע תהומען —
ווי דער אַשמדאי אַליין וואָלט גאָטס וועלט געפלוכט.
נאָר פול מיט בטחון, איז מיין האַרץ, טאַטעניו
אין טרייסטונג פון דעם נביא: „נחמו, נחמו — — — — "

## דעם טאַטנס ניגון

אַ שטילער און אַ זיסער ניגון
וועקט דעם קליינעם מרדכין פון שלאָף.
תפילות איבערן ספר זיך וויגן —
זינגט דער טאַטע די שטוב איין צום שלאָף.

גאַפט מרדכי איבער ליכט מיט די פלאַמען,
שאָטנס — העלדן אין האַרץ זיינס געוויילט:
זעט ער משהן שפּאַלטן פאַר יידן די ימען
די מעשה ווערט אין חומש דערציילט . . .

שוועבן טאַטעס אויף ווענט און אויף סטעליע
מיט ספרים, מיט פידלען, מיט בערד,
ווי קלעזמאָרים אין שטעטלס קאַפּעליע,
און אַ שמחה אין שטעטל עס ווערט:

טאַנצן באָבעס און מאַמעס און קינדער,
טאַנצט דער בויער, דער שניידער, דער שמיד.
טאַנצט דער פאַסטוך, זיין פייפל, די רינדער,
טאַנצט די פרייד מיט זיי אַלעמען מיט — — — —

זינגט מרדכין אין האַרצן אַ ניגון,
דער טאַטע ווערט שירה אַליין —
ער הייבט זיך אויף מיטן ספר אין וויגן
און קושט די תפילה: „אמן ואמן".

# דער באָבעס תפילה

## א

אויף יענער זייט, גרעניץ, אויף יענער זייט וואַלד,
אַ שטוב איז געשטאַנען, אַ שטוב זייער אַלט.

דריי דורות געלעבט אין זאָרגן, אין חלום,
דריי דורות געהאָפט אויף אייביקן שלום.

די גוטע באָבע, ביילע ז׳געווען איר נאָמען
און קינדער געבוירן פון איר כשרן זאָמען;

זיינען אייניקלעך געקומען ווי נאָכן רעגן שוואָמען
און געשפּונען דעם פאָדעם פון איר ליבן נאָמען.

## ב

„אויפגעשטאַנען פרי, באַגינען,
אָפּגעגאָסן נעגל-וואַסער — — —
דאַנק איך דיר, דו בורא עולם,
פאַר מיין ליכטיק-קלאָרן זינען.
אינעם טיפן בלאָען הימל
זע איך קלאָר דיין הייליק פּנים:
אין די ביימער, אין די גרעזער,
אומעטום דיינע סימנים — — —
בעט איך דיך, דו בורא עולם,
זאָלסט מיך שטאַרקן יעדן אבר,
און דעם שופר המשיח
זאָל איך זוכה-זיין צו הערן,
און מיינע ביינער זאָלן רוען
אין לאַנד פון מוטער-שרהס קבר".

# די קאַראַבעלניצע

פאָרט די באָבע דבורה,
אין דאָרף מיט אַ וואָגן סחורה;
קלינגט, קלינגט דאָס גלעקל — — —
דאָס ליד פון ליטווישן שטעטל,
ווען די אַלטע גוטע דבורה
פאָרט אין דאָרף מיט סחורה.

קעמט אַ וועג דער שליטן,
ווייט באַגלייטן בליקן
איבער שליאַך דעם בריטן,
איבער טייך פאַרפרירטן.
פירט די באָבע דבורה
מתנות מיט איר סחורה:

זייף און קאַמפאַר-איילן
צו וואַשן זיך און היילן,
מיאַטנע און „סאָלאָמקעס״
פאַר קינדערלעך „צוקערקעס״,
בענטשערלעך צום בענטשן,
מעשה-ביכלעך פון גוטע מענטשן.

אין דאָרף זי טוישט די סחורה:
פאַר אַ קלייד אַ ביסל תבואה,
פאַר אַ סטענגע און אַ קעמל
קריגט זי מעל אויף ווייסע זעמל,
פאַר אַ היטל מיט אַ גלאַנציק דאַשעק
אַ זעקל ווייץ פון אַלטן זאַשעק.

וועז זי בייט די סחורה אוים,
גייט זי אום פון הויז צו הויז;
איינעם שפּרעכט זי אָפּ עין־הרע,
איינעם טרייסט זי אין עת־צרה,
איינעם זי פֿאַרמישט אַ זאַלב — — — —
רפואה האָפּט מען קומט אָן באַלד.

איידער נאָך דער פּריפּעט לאָזט,
הייבט אָן אָפּגיין ווינטער־פראָסט;
און מיטן חסד פונם ליבן גאָט
פֿאָרט דבורה צוריק אין שטאָט.
— — — — — — — — —
אין דאָרף, דערוואַקסענע און קינדער
בלייבן: בענקען ביזן צווייטן ווינטער — — — —

## אין חלום

פֿאַר די אויגן אַ בײשטידל וויגט זיך,
די שוועל — פֿון לאַנג שוין צעשטערט;
אויפֿן בײשטידל דרימלען בלעכענע שאַכטלעך —
די ליכטיקע היים, כ'האָב אין חלום דערהערט:

ס'האָט זיך געטראָגן די ברכה: מודה אני,
אויפֿגעלויכטן האָט דאָס הויז אין שחרית;
טאָג האָט זיך איינגעשטעלט אין ערלעכער מי,
אַ טאָג אין אָרעמקייט, אַ טאָג אין אחדות — — —

## די וואַסער טרעגערין

דאָס שטעטל האָט געטרייפט אין אַלע פיר צייטן:
אין פרילינג די טייכן צעלאָזן, די ביימער אין צוויט,
זומער אין זעט געבאָדן האָבן זיך אַלע פיר זייטן,
ווינטער אונטער ליילעכער ווייסע די ערד האָט געגליט — — —

בויער האָבן געבויט היימען, שולן און קראָמען,
פּאַסטוכער האָבן געפיטערט שאָף און רינדער,
אַקערער האָבן ביימער געפלאַנצט, געזייט זאָמען.
מדריכים האָבן געלערנט חוקים און דת ייִדישע קינדער.

אין גאַנג פון האַנדל האָבן עדהס זיך צעטיילט:
באַלמעלאָכעס און קרעמער האָבן מער ניט געהויזט,
האָבן זיך מענטשן געטראָגן מיט זאָרג צום באַשייד, —
איינגעמען די יידן וואָס האָבן געקריגט און געברויזט.

ברענענדיקע עוולות האָט חנה אין הארצן פאַרשלאָסן —
אירע יתומים, איינציקווייז איבערן שטעטל באַשטאַט:
דעם בכור, משה מאיר, ביים פאָרט אַרבעטן געלאָזן,
צוויי יינגערע זין געשיקט אין אַ שוסטער װאַרשטאַט,

די טעכטער פריידל און שרה — גבירטעס צו באַדינען.
איבער אייגענע ברייטע אַקסל אַ קאָראָמיסלאַ פאַרצויגן;
האָבן זיך פולע עמערס צוויי געוויגט, פון באַגינען
ביז זון פאַרגיין, מיט קלאָרן וואַסער ווי חנהס אָדלער אויגן.

מיטן וואַסער צעטראָגט די אלמנה זאָרג איבער באַרג און טאָל,
קוקט מען נאָך דער וואַסער-טרעגערין — איר גלייכן טראָט, —
און מען הערט חנהס זינגען אין אומעטיק-שטילן קול:
„צו-וואָס בין איך געבוירן געוואָרן? ענטפער ליבער גאָט."

און חנה האָט וואַסער געטראָגן איבער באַרג און טאָל, —
דורך ווינט און דורך פראָסט האָבן פולע עמערס זיך געוויגט.
די מעשה ווערט דערציילט פון אַ וואַסער־טרעגערינס שטילן קול:
דורך פּיין און טרערן האָט זי קריוודעס אין זיך געשטיקט — — — —

אָרעמע קינדער האָבן צו דער וואַסער־טרעגערין זיך געצויגן:
זומער ט׳זיך די זון געבאָדן אין אירע עמערס צוויי,
ווינטער האָבן אייז־ליכטלעך געפינקלט מיט זוניקן רעגנבויגן, —
און חנה האָט קינדער־מעשהלעך דערציילט און געלאַכט מיט זיי.

אויפן באַרג דעם גריִנעם רוט זיך די וואַסער־טרעגערין אָפּ,
מיט די מיילער צו דער זון לייגט זי אירע עמער אוים —
„ברויט־געבער מיינע, רוט זיך אוים, טריקנט זיך אָפּ,
באַלד וועלן קינדערלעך קומען, צופאַלן צו מיין שוים,
דערציילן וועל איך זיי פון אַ וועלט וואָס איז שיין און גרוים.״

„דערצייל, דערצייל אונדז, מומע חנה, פון אַ שיינער וועלט״
בעטן זיך די קינדערלעך און גלעטן אירע אָדערדיקע הענט.

„קינדערלעך טייערע, כ׳וועל אַ מעשה אייך דערציילן:
אין אַ שטוב אָן פענצטער שלאָפט לבנה אויפן דאַך,
דער נאַכטוועכטער טוט די שטערן אין הימל ציילן, —
גאָט אַליין פרייט זיך מיט אייך, ווען איר לאַכט אַ סך, אַ סך.

„וועלן מיר פאָרן מיט באַנען און איבערן פריפּעט־טייך,
מיר וועלן פאָרן איבער בערג אין ווייטע, ווייטע לענדער,
וואו ס׳זיינען ניטאָ קיין שטיבער מיט נאַסע, קרומע ווענט!
עסן וועלן מיר דאָרט כאַלוואַ און ראָזעווע מאַנדאַרינקעס, —
אַנטקעגן וועלן שווימען גילדענע פישעלעך־לאַנדרינקעס.״

* * *

דאָס מזל פון דער וואַסער־טרעגערין געווען איז שווער און ביטער,
האָט דער קאַראָמיסלא אויף אירע מידע אַקסל געטאָן א ציטער.

און חנה האָט מער ניט געשפּאַנט איבער באַרג און טאָל:
שוואַכער האָט איר האַרץ געקלאַפּט, דורכגעבייטשט די פּיס
מיט אָדערן — בלויע שלאַנגען האָבן אָפּגעשטעלט איר קול;
און קינדערלעך אָרעמע באַוויינט האָבן דעם גרויסן ריס — — — —

און די זון, און דער באַרג, און דאָס ווייסע שניי,
דערמאָנען חנה די וואַסער־טרעגערין און איך דערמאָן מיט זיי — — —

# מיד

דאָס בלוט אין מיינע אָדערן איז מיד,
אין בלאָען גליווער דורכגעבייטשט די הענט;
די שפּיצן פינגער דערברענען נאָך מיין ליד,

וואָס כ'האָב אין תפילהדיקע מינוטן דערקענט.
געוואָלט האָב איך צעטראָגן די פרייד,
וואָס האָט דורך מיינע חושים געבלענדט;

האָט דאָס מזל פאַרפּלאָנטערט די רייד —
דאָס גליק פון מיין שוועל אָפּגעווענדט,
און ס'ליגט אַ פאַרטייעטע די פרייד —

געוואָלט האָב איך דערגיין דורך מיין ליד
צו שלימות, צו לויטערן באַנעם,
איז דאָס בלוט אין מיינע אָדערן מיד.

# דאָס בלויע קליידעלע

מרים גאָלדבערג —
שלום עליכמס יינגסטער טאָכטער —
אַ מתנה

דאָס בלויע קליידעלע
מיטן ווייסן שלייף,
קרייזעלעך רונדע,
רונד ווי אַ רייף;

פעלדעלעך זיבן
פאַרשטעפּט אין דער מיט,
אַרום טאַליע געקליבן,
סטענגעס — ווייסע צוויט.

דאָס ערשטע מיידעלע
שטיפט אויפן הויף;
זי טאַנצט אינעם קליידעלע
מיטן ווייסן שלייף.

דאָס צווייטע מיידעלע
ווערט פון דער ערשטער געהיט,
אויפן בלויען קליידעלע
ריין זאָל זיין דאָס צוויט — — — —

דאָס דריטע מיידעלע
ציילט די פעלדעלעך זיבן,
זי קושט דאָס בלויע קליידעלע
אַרום טאַליע געקליבן.

דאָס פערטע מיידעלע
אַרום די שוועסטערלעך דריי
טאַנצט מיטן קליידעלע:
אַ שפּיל אויף דאָס ניי — — — —

טאַנצן די בלומען,
די ביימער אין סאַד;
פאַר די הענט זיך גענומען
קינדער אין שפּיל-קאַראַהאָד.

פאַרנאַכט אויפן הויף
די שפּיל לאָזט זיך אויס;
איבער רונדן הימל
זיינען שטערן אַרויס.

מיט שפּיל אין די גלידער
שלאָפן קינדער אין בעטן,
מיט זיסע חלומות, —
טוען מלאכים זיי גלעטן.

## שפּאַציר

מיר זיינען אַנטקעגן געקומען יענע אַרבוזעס,
וואָס דו, מאַמע, פלעגסט אויסלייגן אויפן דאַך;
זיי צייטיקן אין חסד פון גאָט און גאָלד פון דער זון.
קליגער בין איך געוואָרן, כ׳האָב געגראַמט: מוזעס
מיט די לאַכנדיקע, זון-געקושטע אַרבוזעס.
און ווי יענע קעלבל האָב איך זיך געפרייט אין דער זון
מיט די לאַכנדיקע, צייטיקע אַרבוזעס אויפן דאַך — — —

## אַ טענצערין

אַ מעשה וועגן אַ מיידל
וואָס האָט ליב געהאַט טאַנצן ;
אָט־אַזוי אין פראָסטן קליידל,
פון בלומען פלעכטן קראַנצן ;

פאַרפוצן די קינדער און זיך
אין שיין צעגרינטן סאָד;
אַראָפוואַרפן זאָקן און שיך
און היידאַ אין קאַראַהאָד !

די טענצערין, דאָס מיידל,
אין מיטן פון דעם ראָד, —
וויגן זיך פאַר אירע אויגן
די ביימער און דער סאָד.

דאָס קליידל צעפליגלט,
צעכוואַליעט די צעפּ ;
דער פאַלאַץ האָט געכישופט
מיט זילבערנע טרעפּ — — —

פלינק ווי אַ הירשן
איז דאָס מיידל אין טאַנץ ;
באַקרוינט ווי די הירשן,
אויפן קאָפּ אַ קראַנץ.

זי פליט צו די ליאַלקעס,
טויזנט אין צאָל !
זי קושט זיי, די ליאַלקעס,
ווי אין שפיל אַמאָל — — —

אַ צייכן מיט דער האַנט, —
גייען די ליאַלקעס טאַנצן;
צעשווימען זיך די ווענט
און די בלומען־קראַנצן.

קומען קינדער צום פּאַלאַץ
נעמט זי יעדן אין טאַנץ,
זי גיט זיי ליאַלקעס
און אַ בלומען־קראַנץ.

שטיפן קינדער און הוליען
ביז דער טאָג פאַרגייט;
נאַכטיקע שאָטנס זיך טוליען
ביזן מאָרגן־רויט — — —

## דערמאָנונג

איך זע דיך קלאָר וועלט
אין אַלע דיינע סעזאָנען, —
נאָר ווען דער פרילינג העלט
בענקט זיך טיפער אין דערמאָנען:

נאָך אַ שטוב אַ הילצערנע, אַ קליינע,
אַ גאָרטן צעאַקערטער אין בייטן,
נאָך קינדער אי גרעסערע, אי קליינע,
נאָך דעם טייך מיט די וואַסער־קווייטן.

ס׳בענקט זיך נאָך אַ בלאָען אינדערפרי
געקומען איז די באָבע ווי אַ תפילה,
מיך געבענטשט מיטן טעם פון מודה אני
און אָנריר פון צאינה וראינה די הילע — — —

ס׳בענקט זיך נאָך דער גוטער באָבע
וואָס פלעגט שטראָפן, שטראָפן,
נאָך דעם גרינעם פראָש
וואָס איז מיט מיין גלעט אַנטלאָפן — — —

איך זע מיין היים אין ליכטיקייט צעבליט,
די קינדער צעהוליעטע אין שפילן;
די מאַמע — אין תפילהדיקע טריט
שוועבט צווישן עול און קינדערשפילן.

איך זע ווינקלען זיך וויגן ווי אין חלום —
זיבעצן פאָר אויגן גלעטן אַלע ווענט;
די סטעליע שווינדט, שווינדט אַוועק אין חלל,
דעם הימל גרייכן קינדער מיט די הענט — — —

## די געהיימע פאַרזאַמלונג

אין אַ בלאָען באַגינען
זיינען יונגען געגאַנגען
דורך געסלעך דורך שמאָלע,
דורך געסלעך דורך לאַנגע.
שניידער און שוסטער,
שטעפּער און מעסטער,
בויער און פאַרבער,
טעסלער און גאַרבער.

געשלאָסן אין רייען
זיינען מיידלעך געגאַנגען
פון טיש און וואַרשטאַטן,
פון בלינדקייט צו טאַטן.
ניט געוואָלט האָבן מיידן
שייערן טעפּלעך און פאַנען.
אונטערן קישן באַהאַלטן
שמ״רם ראָמאַנען — — —

געצויגן האָבן שאַפערם
אין וואַלד אין פּאָליעסער ;
אין וואַלד אין געדיכטן,
אין וואַלד אינם אַלטן.
וואַלד איז געשטאַנען
אין שווייגן באַנומען —
פאַרוואָרצלט אין סודות
פון דורות און דורות — — —

אין אַ בלאָען באַגינען
דורך וואַלד דורך דעם גרינעם
זיינען יונגען געגאַנגען
מיט פרייד, מיט געזאַנגען.
אין אַנטשלאָסענעם טראָט —
געשמידט דאָס אַרבעט־געבאָט;
אין זייערע מוטיקע טריט
געשאַלט האָט דאָס פרייהייט־ליד.

## פאַרן שפיגל

פאַרן נאַקעטן שפיגל כ׳בין היינט געשטאַנען
און טיף אַריינגעקוקט אין מיינע מידע אויגן, —
אַ שמייכל — און נעפל איז אַפּגעשוואומען פון דאַנען:
טעג, די ליכטיקע זיינען אַנגעקומען צופלויגן — — — —

טומאַן איז נישט באַזוימט מיט זילבער־שטויבן,
וואַרט דער גערטנער מיטן אויפאַקערן די בייטן,
פון די אַקערער און בויער שעפּ איך גלויבן:
אויך מיין גאָרטן וועט אויפגיין אין פאַרביקע קווייטן.

קוק איך אין סודותדיקן שפיגל אַריין — — — —
פון די ווינקלען טוען אָנקומען געשטאַלטן,
מיט טרייסט, פאַר די אין צער, אין פיין;
אין וואונדער מיין אָטעם טו איך פאַרהאַלטן — — — —

## בערל דער שמיד

פון דרייצן קינדער האָט בתיה איינעם אויסגעוויינט,
גייט זי אום פּאַר גאָט אַ בלייכע, אַ שטילע.
איין אויג שטאָק־בלינד, אויף די ליפּן אַ תפילה.
בתיה דאַנקט פאַרן חסד, וואָס גאָט האָט זי באַקרוינט
מיט אַ זון אַ למדן, מיט אַ זון אַ שמיד ;
בענטשט זיך דאָס שטעטל מיטן למדן דעם ייד.

דאָס ווייב, חוה, שטראַלט ווי זיבן זונען —
זיבן זין האָט זי געבוירן בערלען דעם שמיד,
זיבן רינגען האָט אויסגעשמידט דער ליכטיקער ייד :
דעם גן־עדן האָט דאָס ווייב, חוה, געפונען
מיט דעם מאַן דעם למדן, מיט דעם מאַן דעם שמיד ;
בענטשט זיך דאָס שטעטל מיטן למדן דעם ייד.

די זיבן זין זינגען שיר השירים —
קוועלט דאָס גאַנצע שטעטל פון די „בערעלעך" זיבן ;
די מוטער רחל האָט בתיהס טרערן אויפגעקליבן :
זינגען די זיבן זין שיר השירים
צום פאָטער דעם למדן, צום פאָטער דעם שמיד.
בענטשט זיך דאָס שטעטל מיטן למדן דעם ייד.

# פרילינג אין שטעטל

(דערמאָנונג)

דאָס געפּאַנצערטע אייז האָט געפּלאַצט,
דער פריפּעט צעגייט זיך אין קריעס;
די ערד אָטעמט שווער — פּאַר געבורט,
פייגל פאַרנעמען זיך אויף נייע נסיעות.

דער „אונטערן-באַרג" שפּיגלט אויף אין טייכן —
דער פריפּעט איז פון די ברעגן אַרויס,
דער בושל בלייבט שטיין אויף אַ פעלדזן-בערגל,
פון די פענצטער קוקן קינדער אַרויס.

שכנישע שטובן זיינען דורך בריקן פאַראייניקט,
יינגלעך לויפן איבער בריקן ווי אין שפּיל;
פערד הירזשען אין שטאַלן און פרייכן,
הינט טוען האַווקען אין איין געבריל.

דער מאַרק איז צעבליט אין האַנדל, —
פאַרשמייעטע קרעמער טוען אַ פדיון זוכן,
יאָכע „דער כלומפּער" שלעפּט אַ קאַסטן אייער,
יאַנקעלע „פּייפער" טוט שילטן און פלוכן.

אין פּאָדריאַד רעדלט מען די מצה,
קאַטשעלקעס טוען וועלגערן צום טאַקט;
דער אָנגעגליטער אויוון — אַ ריזן מויל אָן ציינער,
וואָס טוט די מצה ברוינען און באַקן.

אין מיין היים צעעפענען זיך ביכער־שאַנקען,
ספרים ליגן אויף קעסטלעך, אויף בענק;
ווישט דער טאַטע און איז בודק די בלעטלעך,
און אָט שטייען ספרים צוריק אין די שענק.

דאָס הויז איז דורכגעלויכטן מיט וואַסער־שפּיגלען,
אין פּעסל בוריקע־קוואַס באָדט זיך די זון,
פון גראַטקע בלענדן פּסחדיקע געפעסן,
אינעם וויין ברעכן זיך שטראַלן פון דער זון — — — —

דיין געפּאַנצערט אייז, פּריפּעט, האָט געפּלאַצט,
ביינער פון יידישע קינדער ליגן אויף דיין גרונט,*)
אונטער די זיבן הימלען זילבערן זייערע טרערן;
צופוסנס פון שטעטל ליגסטו — אַ פאַרבלוטיקטער הונט.

*) אונטער דער נאַצי ממשלה האָט מען יידישע קינדער לעבעדיקערהייט געוואָרפן אין פּריפּעט.

## אַ תפילה

ביכער, ספרים ליגן נאָך אָפן —
פון יעדן לויכט צו מיר אַ שטראַל,
אויב כ'האָב אַ מיין ניט באַנומען,
פאַל איך צו מיט דורשט צום קוואַל.

דער הונגער זאָל מיך ניט פאַרלאָזן
ביז ס'וועט לינדערן מיין צער, — — —
צו די הימלען טו איך תפילה:
אייביקער דורשט זאָל זיין מיין שכר.

## אויף מיין שפּאַציר

אויף מיין שפּאַציר
וועט באַלד זיך שליסן
דער זעקסטער צענדליק יאָרן, —
פאַררונדיקט, פאַרקנאָטן,
ליגן שווערע טעג;
אויף יענעם דאָרנדיקן,
אויף יענעם וואונדערלעכן וועג,
האָבן זיך טעג ווי פּערל צעשאָטן — — — —

לאָמיר אָנהייבן
פון יענע יונגע טעג:
מיין היים איז פול מיט שפּיל
און מיט געזאַנגען.
אַלץ איז געכישופט ווי אין אַ מעשה,
אַלץ איז אין פלאַטער, —
לייבל שפּילט אויף אַ „מאַרש"
שפּאַנען קינדער אין צויבערלאַנד אריין — — — —

שפּילן קינדער: „יאַריד" —
בעטלער און סוחרים שמייען.
לייבל, יאַנקל און דער ווילדער בערל,
ציגיינער-יונגען מיט בייטשן
האָבן אויך נישט געפעלט;
מען קויפט, מען פאַרקויפט
טיראָלסקע אָקסן און בהמות,
קאָפּ-הענער מיט רויטע קאַמען.
יאַנקעלע פייפער לויפט —
איבעריאָגן מענדל גרוילעס.
כאַפּט ער אַ מסחרל אַרויס, —
צעקריגן זיך הענט,
אין דער לופטן פלאַטערן בערד — — — —

***

שפּילט מען אויף
„אַ חתונה אין שטעטל"
קומען אָן די מחותּנים,
די כּלה — אַ ווייסע טויב;
דער בדחן מיטן שפּיציקן בערדל
די כּלה טוט באַזעצן:
— וויין כּלהניו, וויין,
דאָס וואָס ס'איז געווען
וועט מער ניט זיין,
וויין כּלהניו, וויין — — —

האָבן קינדער געהוליעט
דורך די יונגע טעג, —
פון שפּיל-הייף אין חדר איז מען אַוועק:
„אויפן פּריפּעטשעק ברענט אַ פייערל" —
אויפגעלויכטן האָט דער אלף-בית;
האָט זיך אין ניגון געפלאָכטן די ברכה
„מודה אני".*
איינמאָל אין אַ ווייסן אינדערפרי,
האָב איך זיך צעזעגנט מיט מיין היים,
און אויף אייביק מיטגענומען
די ברכה און דעם ניגון
פון יענע יונגע טעג — — —

## אַ בלויער פאַרנאַכט

שיינדל האָט געשפּאַנט אין אַ בלויען פאַרנאַכט,
דער וועג האָט זיך געצויגן — אַ גילדענער שנור:
טעג די יונגע האָבן אין לויטערקייט דערוואַכט,
געגאַנגען איז שיינדל אויף אַ ליכטיקן שפּור — — — —

אַנטקעגן שווימט דאָס שטעטל געזויבערט אין ווייס,
שטיבלעך פאַרשניימע, אין שטילקייט געהילט;
פאַרפרוירענער פריפּעט געקאָוועט אין אייז,
ביי איילקע גייער ווערט אָטעם פאַרקילט.

אין הייף שטייט דער שליטן אויסגעבעט מיט שטריי,
דער בעל-עגלה איילט: „צייט פאָרן צום באַן!
דער מאַמעס האַרץ פאַרשטיקט אַ מוטערלעך געשריי;
אַ שמיים מיט דער בייטש — טראָגט זיך שליטן פון דאַן׳,

עס יאָגן די פערדלעך דורך שנייאיקע וועגן,
דאָס שטעטל געפּאַנצערט אין פראָסטיקער ווייס;
נאַקעטע בעריאָזקעס פאַרביי טוען שוועבן, —
פאָליעסער וואַלד גאַפט — אַ תמימותדיקער גרייז.

אויף דער באַן-סטאַנציע איז נעפּלדיק היים;
באַוואָקסענע גויים, אין פויערשן טראַכט,
אין געדרענג טראָגט זיך אַ ריח פון שוויים;
אין בהלה, אין געוויין איז צוגעפאַלן די נאַכט.

אַ פאַרסאָפּעטע חיה — יאָגט זיך אָן דער באַן.
נאַכט — אַ שוואַרצע קאַץ האָט אויסגעלעקט די שטערן.
פּעק און זעק שטראָמען אַריין אין אינגעווייד פון באַן,
דער וואַלד שלינגט-איין דער מאַמעס שטילע טרערן.

די שיף „קורסק״ איז אין האַפן אַריינגעשוואומען,
אויסגעפּוצט ווי אַ כלה מיט קאָלירטע פאָנען באַהאַנגען;
מוזיק האָט געשפּילט, עמיגראַנטן זיינען אָנגעקומען,
אויף ווייסע טרעפּ איז מען אַרויף, אַרויפגעגאַנגען.

אין איר אינגעווייד די שיף האָט איינגעשלונגען
מענטשן, מיט פעק און מיט אומרו אין די אויגן, —
סיגנאַלן האָבן אימפּעטיק געפייפט און געקלונגען,
מאַטראָסן, ווי אין אַ שפּיל האָבן שיפלעך אַרויפגעצויגן.

די שיף האָט מיטן נאָז די וואַסערן געשניטן,
כוואַליעס מיט אויסטערלישע מיילער האָבן שטורעם געשלונגען;
ווייסע פערד מיט שוימיקע גריוועס האָבן אין אומרו געריטן, —
דעם צעברויזטן ים האָט דער שיף־קאַפּיטאַן באַצוואונגען.

„קורסק" איז אַריינגעשוואומען אין ניו־יאָרקער האַפן,
וואָלקן־שפּיצן מאַיעסטעטיש האָבן זיך געצויגן אין חלל;
שיינדל איז געשטאַנען אין אַטעמלאָזן גאַפן:
— גאָט, ווער האָט אויסגעכישופט אָט דעם וואונדער־חלום? —

שיינדל האָט געשפּאַנט אין אַ בלויען פאַרנאַכט,
דער וועג האָט זיך געצויגן — אַ גילדענער שנור:
טעג די יונגע האָבן אין לויטערקייט דערוואַכט,
געגאַנגען איז שיינדל אויף אַ ליכטיקן שפּור — — —

# איך זינג

איך זינג נישט פון אַ פאַסטעכל,
וואָס בענקט נאָך זיין פייפל און ניגון.
כ'וועב איין אין ליד מיין הונגער,
כ'וויל אין פערז מיין צער פאַרוויגן.

## האַרבסט

### א

היינט איז מיר אומעטיק און טריב —
דער אומעט איז מיר אַזוי נאָענט און ליב;

האַרבסט באָדט זיך אין זאַטקייט פון טעג,
מיט גאָלד ער שענקט זיך אייביקייט אַוועק.

גאַסן ציען זיך, געהילט אין בלאָען ליכט,
מענטשן שטראָמען, מיט יום־טוב אין געזיכט.

### ב

היינט איז דער טאָג מיינער, אַ טאָג אַ גרויער — — — —
טעג אַזוינע זיינען שוין געווען אין מיין געצעלט,
אָפּנייגן האָט גאָט געטאָן פון מיר דעם טרויער:
און איבער מיין הימל — אַ שטראָל צעהעלט — — — —

## טעג, ווי בלעטער

דורכן רוים זיינען פייגל געפלויגן,
אין חלל געצייכנט זייער וויטן וועג;
זון האָט צו מערב זיך געטאָן נייגן,
אומעט געשפּרייט איבער האַרבסטיקע טעג.

## לערן מיך די פרייד

מישט דער הארבסט א ליד אין טויזנט פארבן,
ווי אותיות דערציילן בלעטער דורך די קארבן: —

זון האט דורכגעשטאכן גילדענע פעדים, אירע שטראלן,
בוים האט זיך געגערט דורך רעגן און דורך קוואלן;

צווייג האט זיך געשטארקט דורך ווינט און דונער־קנאלן,
אין רויטן בלעטער־טאנץ הוליען וואקכאנאלן.

שפילט דער הארבסט א ליד אין טויזנט פארבן, —
אפגעבליט דער קאשטאן־בוים, אויבסטן צייטיקן אין דארבן —

זינגט דער הארבסט א ליד אין טויזנט פארבן, —
א, לערן מיך, הארבסט, דיך צו קאנען ארבן:

אזוי ווי דו גייסט ווידער אויף אין דיין צווייט,
אזוי וויל איך אויפגיין — אויפגיין אין מיין ליד.

לערן מיך די פרייד פון דאס רייפן אינם גרין
און אויפנעמען דאס ביטערע געטראנק פון פאלין — — — —

מישט דער הארבסט א ליד אין טויזנט פארבן,
א, לערן מיך, הארבסט, אזוי שיין ווי דו צו שטארבן.

# זיפצנדיקע טריט

זאָל מיין וווּיטאָק
זיך אַרויסבלעטערן
פון מיין געמיט,
און דערציילן,
דורך מיינע זיפצנדיקע טריט;
מיט אָפּגעטראָגענע שיך
שפּאַן איך
אַריין אין מיין זעקסטן צענדליק
און איך בעט:
זון זאָל אויסברענען
דאָס צעווייטאָקטע אין מיר,
דערהייבן מיין געמיט
מיט אַ טראָפּן ליכט,
מיט אַ שטראַל פון זון.
מיינעביידע הענט אָנפילן
מיטן אומרו פון דער בין,
וואָס ברענגט דורך וואַקס דאָס ביסל האָניק;
מיטן פלאַטער פונם פויגל
כ'זאָל דורכשווּעבן
מיינע אָנגעצייכנט-באַשערטע יאָרן, —
דערציילן די מעשה פון מיין לעבן,
אין וואָרט, אין פּשוטן, אין קלאָרן — — — —

## מיין אויסשטעלונג

דאָ וועסטו נישט באַדן דיינע אויגן אין ליכטיקע פאַרבן — — — —
דאָס איז אַ ליד וואָס גראַמט מיט גרויל־און־שטאַרבן:
אַ קינדער־שיכל, צוויי פּלעשלעך אַש פון מאַידאַנעק,
די ציפער 6,000,000 געצייכנט האָט די האַנט פון שרעק — — — —

## ס׳איז ניט דאָס שפּיציק שטיינדל

ס׳איז נישט דאָס שפּיציק שטיינדל,
וואָס דוד האָט מנצח געווען גליתן;
עס איז דודס תהלים־געזאַנגען
וואָס לויכטן דורך אַלע גלותן — — — —

## דער מאַעסטראָ

די פּיאַנאָ אין תמימותדיקן שווייגן,
דער מאַעסטראָ לויטערט אַ געזאַנג, —
וואָזאָנעס גרינען מיט בליאונג פון צווייגן
פון ווענט שטראַלט כאָראַלער געזאַנג — — — —

## פאָלקיש

דער וועג איבערן אַטלאַנטיק איז געווען שווער:
דערווייטערט האָט זיך די היים מער און מער;
נאָכגעיאָגט האָט אַ זיפץ און דער מאַמעס אַ טרער — — — —

## גורלדיק

ווי דער פאַסטוך קוקט נאָך
די געגנדזלעך, וואָס שווימען אַוועק,
אַזוי קוקט דער מענטש נאָך
די אָפּגעשוואוּמענע, יונגע טעג — — — —

## בלעטער

1

בלעטער שטויסן זיך דורך קנאָספּן,
ציען חיות פון די שטאַמען, —
נאָגן, נאָגן,
דורך די וואָרצלען פון דער ערד
בלעטער פלאַטערן אין ווינטן,
באָדן זיך אין מאָרגן-טוי,
לאָכן מיטן גאָלד פון זון
און קושן,
קושן הימל-בלוי — — — —

2

בלעטער, אויסגעדאַרט און טרוקן,
ליגן אויף די מידע גראָזן,
ווי פאַרשעמטע פייגל
טוליען זיי זיך צום פאַרגיין — — — —

3

סעפּטעמבער הימלען טריפן
מיט ליכטיקן ראָז ;
צעהוליעטע קינדער שטיפן
אויף הארבסטיקן גראָז — — — —

4

פון אַ טיפן פּרדס בין איך איצט אַרויס,
באַהויכט מיטן אָטעם פון באַלאָדענע ביימער :
בלעטער טראָגן דעם חותם פון גאָטס הויז, —
איבער צייטיקע פּירות שטייט אַ געטלעכער שומר.

##ביים ברעג ים

אָן פרייד בין איך היינט צו דיר געקומען,
אָן פּאַפּיר, אָן ווערטער־בוך, אין אַבלדיק געמיט;
מיין פּעדער, דעם חומש אויך ניט מיטגענומען.

אַ פאַרשוויגענע גיי איך דאָ, אין פיין אַ שטילע,
דאָס רוישן פון דיינע כוואַליעס בריען מיינע טריט.
מיין לעבן — איין שלעכט געשריבענע תפילה.

אין די טעג פון עלנט און פון שווערער מי,
האָב איך טרייסט געפונען אין אמת פון וואָרט,
און די גאַנצקייט פון מיינע וועגן אָפּגעהיט.

איצט, דערמאָנט דאָס ברילן פון דיינע אינדן:
איך זע „קורסק” שניידן אין טיף פון אָקעאַן;
כ׳זע טעג — פאַרחלומטע מעוועס הינטער מיר שווינדן

און פירן מיך צום ברעג פון גאָלד און פריי.
מיין יוגנט — אָנפאַרטרויט דיין לאַנד, עמאַ לאַזאַרוס,
און געאָטעמט דיין געזאַנג צום ליכט און פריי:

„שיקט זיי צו מיר, די פון שטורעם געטריבענע צום תהום,”
טובל איך מיין עלנט אין יעדן כוואַליע צופלוס,
און היל זיך אין געזאַנג פון אַ נייער מרים.

## צו גאָסט

### א

מײנע אויגן־קוואַלן
וואָס צעגײען זיך אין טרערן,
האָט פון לאַנג שוין אימעצער פאַרהאַלטן;
קוקן ביכער פון די שאַנקן
ברוגזלעך אויף מיר.
מײן האַרץ ווערט פראָסטיק־קאַלט, — — — —
פאַרלאָז איך די שטוב,
כ'פאַרהאַק די טיר.

### ב

אין כסלודיקע טעג
הוליען ווינטן אכזריותדיק ווילד,
פליקן בלעטער פון ביימער,
צעוואַלגערן פרילינג־פרייד,
בלעטער־גאָלד מיטן אינדיאַנער־זומער.
שפּאַן איך אײלנדיק אין אַ צעקריגטער וועלט,
אין מײנע בײנער אַן אימהדיקע קעלט.

### ג

צו גאָסט וויל איך היינט קומען:
נאָר, צו וועמען און צו וואָס
טראָגן טרויער, אומעט?
אפשר פאָרן אויף אַ פּענגווין־אינדזל
אויספּרירן מײנע טויזנטער פאַרדראָסן?
ריידן צו די פּענגווין־פייגל
און דערציילן, און דערציילן?

ד

— איך בין אַ קינד
פון אַ געררודפט פאָלק.
מיט מיין מאַמעס מילך
האָב איך איינגעזאַפּט
„חורבן בית־המקדש."
געהערט מיין פאָטער קלאָגן
אין שעה פון חצות.

ה

— פאַרן קיין איירָאָפּע?
איירָאָפּע —
אַ יידישער בית עולם אָן קברים,
וואו עשׂום יורשים
האָבן געברענט און געבראָטן
יידישע קינדער אַ מיליאָן, — — — —
דריי דורות פאַרטיליקט,
דריי דורות געכופלט אויף צוויי מיליאָן.

ו

— פאַר איך
אין לאַנד פון די אבות,
וואו דער דריטער בית־המקדש ווערט געבויט;
צוויי טויזנט יאָריקע בענקשאַפט
שטאַרקט די האַנט פון בויער.
און די זייער זייען,
און די פלאַנצער פלאַנצן
בלומען און תבואות,
טייטלען און מאַראַנצן.

ז

— צוויי טויזנט יאָר
האָט זיך דער וועג געצויגן:
דורך קרייץ־צוגן,
דורך שייטער־הייפן,
דורך כמעלניצקים רדיפות
און צאַרישע פּאָגראָמען;
דורך נאַצי־קרעמאַטאָריעס
און סטאַלינס פּראַקטיקן סיביר;
ביזן דורותדיקן סם
פון ישמעאלס יורשים — — — —

ח

— פון פעלדזן־באַרג
צו פעלדזן־באַרג
טראָגט זיך אַ דראָענדיקער רוף:
„נישט דער גאָלדענער אָדלער!
נייערט די ווייסע,
די אייביקע טויב פון שלום
דאָס איז אונדזער חלום,
דאָס איז אונדזער רוף! — — —

# שאַרף אָן

## א

אין שטילן טראָט
שפּאַנט דער בלינדער עושר, —
ער פּליקט אויף זיין גיטאַרע
אַ זוניקן בייטאָג.
שפּיל!
שפּיל דו בלינדער עושר
און פּליק־אויס דעם ווייטאָק,
פון מיין האַרץ דעם אומעט,
דאָס וואָכעדיקע אויף מיין גאַס.

## ב

אויף אַ בלויען שטערן
שאַרף אָן, גאָט,
דאָס טעמפּע אויף מיין גאַס.
זאָל אַ שעמעריר־טאָן,
זאָל זיך אַ ריר־טאָן
פון דער פאַרגליווערטער
גלייכגילטיקייט,
די שטאָט,
די וועלט.

## טויזנט שאָטנס

כ'האָב געוואָלט היינט
דאָס ליד אָנשרייבן,
דאָס ליד,
וואָס כ'האָב פון לאַנג שוין פאַטראַכט.
געמיינט כ'וועל דעם אומעט פאַרטרייבן,
איז צוגעפאַלן די נאַכט — — — —

די נאַכט האָט טויזנט שאָטנס,
האָבן זיי די שטערן פאַרנאַרט ;
זיץ איך מיט מיין אומעט
און וואַרט — — — —
זיי זאָלן די שאָטנס פאַרטרייבן,
זיי זאָלן דעם הימל דערפרייען.

איך און דער אומעט,
איז צוויי מאָל אומעט.
די צוויי איז שווער
צו דערטראָגן די נאַכט,
זיינען מיר ביידע
לויטער געהער :

צו די סאַמעטענע טריט
פון אַ ליכטיקן מאָרגן,
וואָס וועט קומען
מיט דער פרייד,
מיטן צער,
מיטן אייביקן ליד — — — —

## אויף קופּער סקווער

פּיטער קופּער,
באַגינען שטראָמען מענטשן
אויף דיין סקווער;
אַרבעטער — בויער פון דער שטאָט,
הויבן אָן דעם מאַרש אין ייִנגסטן באַגינען.

ביי טאָג,
שלייכן דאָ אַרום אויסגעלאָשענע לעבנס, —
זיי באַפעלקערן די באָורי בשכנות מיט דיין סקווער.
דורך אויגן פאַרטרונקענע קוקן זיי אין דער זון,
און מורמלען שטיל צו זיך אַליין:
„דעם דורשט קאָן מען נישט לעשן,
די מטבעות גליטשן זיך פון די הענט,
ווי זילבער־פישלעך אין טייכן,
און דער אַלקאָהאָל ברענט און ברענט
די אינגעווייד — — —

פּיטער קופּער,
טויבן פּיקן זערנעס
אויף דיין סקווער
און וואַרקען, וואַרקען.
טויבן פלאַטערן אין דיין חלום —
טראָגן געפליגלטן רויש פון ימים
אויף דיין סקווער — — —

## הונגער

איך האָב געזען
אַ מענטשן קוקן בלאַנק
אין דער בלויער לופט.
די זון, —
אַ פּוסטע טעלער פאַר זיין בליק.
אויף שטיינערנעם באָדן
האָבן זיינע וואַקלענדיקע טריט געקרעכצט, —
נאָך ברויט און מענטשלעכע גענאָדן
האָבן זיינע חושים געלעכצט.
אין דער נאַקעטקייט פון האַרבסט
געזוכט באַשייד, —
צו דערפרייען צוקנדיקע אַקסלען
אונטערן בלויען הימל,
אונטער די גילדערנע שטראַלן פון דער זון — — — —

## טרערן

אַ ים מיט טרערן
האָט זי פאַרגאָסן.
ביז היינט טו איך הערן:
אין איר זאַפטיק מאַמע-לשון
האָט זי דערציילט און דערציילט, —
פון אירע טויזנטער פאַרדראָסן
און זי האָט געוויינט און געוויינט — — — —
ווי פליגל פון אַ הונגעריקן פויגל,
געפלאַטערט האָבן בלעטער פון אַ רייסטער
אויף אירע מידע קני,
דער לעצטער וועג, —
געווען איז איר איינציקער טרייסטער — — — —

## דער אויסגעהאָרעוועטער אייזל

— ווען איך האָב מרימען באַגעגנט,
האָב איך מיטגענומען איר נשמה-ציטער, —
פון אירע ליכטיק-גרינע אויגן געאַנט,
געפּיבערט מיט איר — איר נשמה-ציטער —
האָט זיך איבער מיין זוניק-רייפן פעלד
דורכגעטראָגן אַ שטורעמדיק-געוויטער
און מרימען פון מיין לעבן פאַרשניטן.

— איך, אַן אויסגעהאָרעוועטער אייזל —
און די קלאַפּער-שלאַנג יובלט, יובלט.
אין אירע גיפטיקע געוועבן
פאַרטרינק איך מיין פּיין, —
צום יובל פון דער קלאַפּער-שלאַנג,
וואָס האָט אָפּגעסמט מרימס נשמה-געזאַנג — — — —

## אַ פּאָרטרעט

אַ דינער פּנים, אַ צאַרטע הויט,
אויפן האַלדז הענגט דער געקרייציקטער.
אירע מילדע אויגן — צוויי בלויע טייכלעך,
די ליפּן פאַרזיגלט מיט אַ סוד — — —

די מאַמע האָט מיטן מילך איינגעגעבן סם;
די באָבע האָט באַנייט דאָס „ליד" —
וועגן דעם געקרייציקטן, דערציילט,
דערציילט און נישט געוואָרן מיד — — —

טראָגט זי דורך דורות די ירושה:
אין אירע תּפילות איינגעזאַפּט האַס, —
רוישט אין אירע אָדערן דאָס דועלירן
פון מילדע אויגן מיט בלינדן האַס.

# מאַרטשבענק

## א

זיצט אַ בלייכער זינגער
אויף אַ ברוינעם שטאָם;
האָט ער ניט קיין מזל,
טרייסט זיך מיט אַ גראַם.

פאַרלאָזט האָט אים דאָס מזל
אין די יונגע טעג —
פאַרלאָזט האָט ער די היים
און זיך געלאָזט אין וועג.

געוואַנדערט איבער לענדער,
אין הונגער און אין קעלט, —
געצויבערט מיט געזאַנגען
און דערקוויקט די וועלט;

געזונגען פונם מולד,
פון מילכוועג און די שטערן,
פון אייגן הונגער אין די גלידער
נאַכט אַליין טוט הערן:

ב

— נאַכט, נעם די האַרנדיקע לבנה אין דיין האַנט,
גלעט דעם שאַרף אויפן שווערד וואָס איז קאַלט;

גלעט דעם הונגער אין מיר וואָס פלוכט,
גלעט דעם ציטער אין מיר וואָס מאָנט.

שנייד איין טיף אינם וויים פון מיין האַלדז,
זאָל אַ קרעכץ טאָן די נאַכט דורך מיין האַרץ;

זאָל אַ קרעכץ טאָן די נאַכט ווי אַ וואַלד,
ווי אַן אָנגעצונדן, ברענענדיק וואַלד — — —

שנייד איין טיף אין מיין גוף, ביזן ביין,
זאָל מיין אָטעם איינזאַפּן ווערטס געוויין.

זאָל מיין בלוט גליווערן אין קעלט,
ווי דאָס האַרץ אין פאַרבלוטיקטער וועלט.

נאַכט, גלעט די האַרנדיקע לבנה, גלעט דעם ראַנד,
וויש דעם פאַרבלוטיקטן שווערד מיט דיין האַנט — — —

# די בלאָנדע מעגי

(פאָלקיש)

## א

די בלאָנדע, די יונג-שײנע מעגי,
שמײכלט צו יעדן בײם טיש;
דערצײלט זי פון איר ליבן פרעדי
וואָס האָט זיך געלאָזט כאַפּן פיש.

אויף טײכן זײַן ליבע דערטרונקען —
(און מעגי האָט אים אַלץ נאָך האָלד),
אין שענק זײַן געלט פאַרטרונקען,
און גערופן זי „מעגי, מײַן גאָלד."

מעגי האָט דילן געוואַשן,
געעסט אין קאַפעען באַדינט;
אויף פאַרטן געטאָן האָט ער נאַשן
אויף זײַן ליבע ט'זיך מעג' נישט דערדינט.

שמײכלט זי דעם יונג-בלאָנדן שמײכל, —
פרעדין האָט זי אַלץ נאָך האָלד;
ער איז מיד פון אַ לעבן אין שטרויכל,
רופט ער זי צערטלעך „מײַן גאָלד" — — — —

## מעגים לוסט

### ב

שיפער איר בראַווע,
שיפער איר כוואַטסקע,
נעמט מיך מיט אייך
אויף יענער זייט טייך!

לאָמיר פאַרשפּילן
גינגגאָלדענע טעג;
גינגגאָלדענע טעג
אויף יענער זייט ברעג — — — —

לאָמיר דאָרט פאַנגען
גאָלדענע פישלעך, —
וואָס שטראָמען דורך מיילן
און איילן, און איילן.

גאָלדענע פישלעך, —
אין נעצן געפאַנגען,
חלומות פון טעג,
אַזוי-ווי געזאַנגען.

טעג פון חלומות
לאָמיר פאַרשפּילן,
לאָמיר דעם היינט
אין גינגגאָלד פאַרהילן — — — —

שיפער איר בראַווע,
שיפער איר כוואַטסקע,
נעמט מיך מיט אייך
אויף יענער זייט טייך — — — —

## אלול־מאַטיזון

אלול-ווינטן פליקן די בלעטער
און לאָזן די צווייגן פּראַסטיק און הויל.
שייערן ווערן פול מיט דער שפע,
מיט אויבסטן צום גרויסן פּאַרטייל:

פאַווידלע און האָניק אין ערדענע טעפּ,
קאַלינעס זיינען פול ווי צום פּלאַצן, —
אַ האַרבסטיקע סעודה סוף זומער־שפּעט,
טראָגן סאַרווערס אויף זילבערנע טאַצן.

דיניעס לאַכן אַ גילדנדיק געלעכטער,
אויף פעלדער צייטיקן אַרבוזעס;
מערן געזעגענען זיך מיט קרוינען־פעכער,
די שפּיל האָבן געכישופט טויזנט מוזעס.

האָבן פּויערן געבונדן פולע גאַרבן
און געזונגען אַ תּפילהדיק ליד:
„גאָט אין הימל, דיין גאָב זאָל אַרבן
דער מענטש, זאָל לעבן אין זאַטקייט, אין פריד.

„דער וואָגלער זאָל ניט בעטלען אויף וועגן,
ניט אויסשטרעקן אין ציטער זיין האַנט;
גאָט, דו האָסט געשאָנקען אי זון, אי רעגן,
און קנאָספּן אין פּירות פאַרוואַנדלט.

„אין פעלד האָסטו געוואַרעמט די זריעות,
אין אַנגסטן די זערנע פאַרטראַכט, —
פריד און רחמים — דיינע נטיות,
איבער פלאַנץ און בריאה געוואַכט.”

אלול-ווינטן פליקן די בלעטער
און לאָזן די צווייגן פּראַסטיק און הויל.
שייערן ווערן פול מיט דער שפע,
מיט אויבסטן צום גרויסן פּאַרטייל.

## ליכטיקער מאָרגן

מיטן יינגסטן באַגינען
זינגען פייגל זיך איבער;
דערפרייען דעם זינען
אין מענטשן־שטיבער.

א בלענדנדיקער קויל —
די זון אין פרימאָרגן;
דורך שאָפערם רשות שטראַמט
דער מענטש אין זיינע זאָרגן.

געוועלבטער הימל —
קרישטאָל־געשליפענע טרעפּ,
ווייסע וואָלקנס אין דרימל
ציען זיך אויף הימל־טרעפּ.

זילבער־וואָלקנס אין אָוונט
געדיכטער זיי ווערן, —
שווערלייביקע אָקסן,
אַנטקעגן גליענדיקע שטערן.

שווימט איבער אירע עוועניוס
די איינזאַמע לבנה, — — — —
שפּרייט אומעט איבער עוועניוס
ווי א רייכע אלמנה — — — —

בענקשאַפטן פון וועלטן
אונטער מאָרגנשטערן־זיגל;
פורעמט אייביקער שמידער
אין זיין פייער־טיגל:

א נייעם מעת־לעת — — — —
אין פרידן, אין זאָרגן;
דורך נייעם מעת־לעת
קומט א ליכטיקער מאָרגן — — — —

# אַ מעשה

צוויי יינגלעך האָבן אַ קאַסטן געטראָגן,
אין געמאַסטענעם טראַט איז געווען זייער גאַנג
און גייענדיק האָט זיך געוויגט אַ געזאַנג.

אַ דריטער יינגל האָט צו זיי געטאָן זאָגן:
„מאַרטע, מאַרטע זאָל אונדזער שפּיל זיין, —
בערל פּראַגערן לייגט אין קאַסטן אַריין.

„מירן גיין איבער גאַסן, מירן גיין איבער שטעט,
וועלן אונדז אַנטקעגן קומען גינגעלי און יינגל-צינגל-כוואַט,
יענע טייערע גינגעלי און דער וואוילער יאַט.

האָבן זיך פון גרוים ליבשאַפטביידע געגלעט,
איז בערל פּראַגער פון שפּילקאַסטן אַרויס,
אַלע זיינען זיי געגאַנגען פון הויז צו הויז

צו זוכן דעם רוצח — דעם מאַן מיט דער קאַסע;
שווער איז, אוי שווער, צו געפינען דעם רוצח,
אַז מע גייט און מע גייט, איז מען מנצח —

זאָגט בערל פּראַגער צום מאַן מיט דער קאַסע:
„שטעל אָפּ דיין קאַסען כאַטש אויף הונדערט יאָר!
שיטער איז אין דעמבן-וואַלד פונעם גרויסן דור".

⁂

אַ שפּיל, אַ ליכטיקע האָב איך פאַרנומען, —
שפּילט קינדערלעך, שפּילט ביז די נאַכט וועט קומען.

(בערל פּראַגער, גינגעלי און יינגל-צינגל-כוואַט, זיינען אויסגעחלומטע געשטאַלטן
פון די פאַרשטאָרבענע שרייבערס: דוד איגנאַטאָוו, משה לייב האַלפּערן, מאַני לייב.)

## ר׳ שלום עליכם דערציילט

— פון די טיפענישן פון יידישן פאָלק,
דער געזעלן־יונג געזונגען האָט זיין ליד,
דאָס שטובמיידל — נישט געוואָרן איז מיד
זינגענדיק צו איר חתן פארשיקט אין „פאָלק״
און דאָס אייביקע וויגליד פון דער מאַמען;
דער טאַטע, מיט אַ ברכה אויף זיין צונג,
געטייטשט האָט שיר השירים פאַרן שניידער־יונג.
דער בעל־חלום געשוועבט האָט איבער שבעה ימען: —

— געזען האָט ער אביונות צווישן כשרע יידן,
מיט תפילות אין הארצן אויף בהלה־יאַרידן;
מיט ליבשאַפט געקוקט אויף „הענדלער״ אין חידוש:
אין האנדל־וואַנדל ניט פאַרגעסן די הייליקע פסוקים,
אָפּגעהיט תרי״ג מצוות אין דעם בורא׳ס חוקים,
געפלאָכטן לשון־קודש מיט מאַמע־לשון יידיש.

# מיט 70 יאָר צוריק

ה. לייוויקן — אַ ווידמונג

## א

אין שטעטל איז אַ בכור געבוירן.
האָט מען שיר־המעלותן צעהאַנגען
אויף אַלע פיר ווענט.
ווען די זון איז פאַרגאַנגען
זיינען יינגלעך מיט בלייכע הענט
פון חדר אָנגעקומען,
קריאת־שמע געלייענט;
באַקסער און פייגן גענומען,
קאַפּיטלעך תהילים געזונגען,
און בייזע גייסטער באַצוואונגען — — —
ביז חצות האָבן יינגלעך קריאת־שמע געלייענט
און קאַפּיטלעך תהילים געזונגען, געזונגען.

## צום מייסטערס שוועל

## ב

דער טאָג געווען איז אַ דורכזיכטיק בלויער,
שאַרף די לופט — אַ חלף זילבער־גרויער.
די ברייטע גאַס, אין גערייל, באַלעבט,
אויף דער גאַס דער יידיש־מייסטער לעבט.
פון גאָרער וועלט קומען אָן ברכה־וואונטשן, בריוו,
דורך עראָפּלאַנען, איבער ימים מיט די שיפן.
אַריבער דעם שוועל אָטעמט אַ צאַרטער זויבער
פון יעדן ווינקל עם כישופט מיט ליכטיקן צויבער.
אויף אַ פליגל־שטול דער מייסטער זיצט אין שווייגן,
די זילבער־קרוין בלענדט דורך געטלעכע געצווייגן — — —

# אותיות פיר־קאַנטיקע

**ג.**

אותיות האָבן זיך אָפּגעטאָן פון בלעטער,
דורך טאָוולען, דורך טיר און דורך ווענט;
ווי פייגל געשוועבט אין זוניקן בלענד, —
דער וואונדער ט׳נגלה־ווערן שפּעטער.

פּלוצים זיינען וואָלקנס ווי בופלאָקסן אָנגעלאָפן
און באַשווערט די ליכטיקע הימלען די זיבן, —
געשטורעמט האָבן ווינטן און די וואָלקנס צעטריבן,
האָבן זיך אותיות אויסגעשטעלט ווי שורות אין סטראָפן:

„אונטער גמרא־בלעטער האָסטו ערשטע לידער באַהאַלטן,
אין בוטירקע האָסטו אונדז אויך מיטגענומען;
אויף דער לענאַ זיינען מיר מיט דיר געשוואומען,
געפלאַטערט צווישן ביימער אין וואַלד אינם אַלטן.״״

די פיר־קאַנטיקע אותיות האָבן זיך הכנעהדיק געבוקט,
דער מייסטער, אַ געלייטערטער האָט אויפן וואונדער געקוקט.

# דער פּאַסטוך מיטן פּייפל

נחום כאַנינען

גענדזלעך ווייסע
זיינען פון ברעג אָפּגעשוואומען,
איז אַ ליכטיקע בענקשאַפט
צום פּאַסטוך אַראָפּגעקומען —

האָט דער פּאַסטוך געשפּילט
אויף זיין פּייפל דאָס שיינס,
איז צום פּאַסטוך געקומען
אַ וויינענדיק ייִנגל אַ קליינס:

— ייִנגל, דו טייערער,
ייִנגל, דו קליינס,
הער אויף צו וויינען,
הער אַ מעשה אַ שיינס:

— ס'האָט אַן אָרעמע פרוי
אַ גענדזל פאַרמאָגט,
האָט די אָרעמע פרוי
צום לערנייִנגל געזאָגט:

„נעם דאָס גענדזל צום לאָנקע,
נעם דאָס גענדזל צום טייך, —
זאָל עס שלינגען די גרעזער
ביים זילבערנעם טייך."

האָט דאָס ייִנגל געפלאַטערט
מיט סאַמעט פון פליגל —
זיך געשליידערט אויף לאָנקע,
געשפּרונגען אויף היגל,

געזונגען אין האַרצן,
געלאַכט אויף אַ קול —
ס'האָבן געזונגען צום ייִנגל
דער באַרג און דער טאָל.

אין מיטן געזאַנג
איז דאָס גענדזל אַנטלאָפן,
ניטאָ און ניטאָ, ס'האָט
אַן אומגליק געטראָפן!

ער יאָגט איבער לאָנקע,
קוקט אַראָפּ אין טאָל;
ער רופט: גאַ־גאַ־גאַ, גאַ־גאַ, —
ס'ענטפערט אַ ווידערקול.

ער שפּרינגט צו צום טייכל,
פאַרגאַפט בלייבט ער שטיין:
אַ הימל מיט גענדזלעך
וויגט דאָס טייכל קליין,

זיי צענעמען די פליגל,
ס'ווערט אַ ליכטיקע וועלט —
לאַכט דאָס יינגל דורך טרערן
און די זון אַליין קוועלט. —

גענדזעלעך ווייסע
זיינען פון ברעג אָפּגעשוואומען,
איז אַ גילדענע מעשה
צום פאַסטוך אַראָפּגעקומען —

# בריוו

ח. גוטמאַנען (דער לעבעדיקער)

דאָס שטעטל פּעטריקאָוו איז גאַנץ אין אַלע פיר סעזאָנען:
אין פרילינג שפּיגלען אירע טייכן אָפּ די זיבן הימלען,
זומער זיינען סעדער און גערטנער צעבליט מיט זעט,
האַרבסט — איין גראָע כמאַרע, ווינטער — אַ מעשהלע אין דרימלען—

אַ נייַם נעמט אויף דאָס שטעטל ווי אַ שוואָם נעמט אויף רעגן,
און צעטראָגט עס ווי די וואָלקן פונם ווינט: —
„ר׳ עליעס זון אין נייעראָק אַ שרייבער איז געוואָרן".
זיפצט דאָס גאַנצע שטעטל: „ווייִ איז מיר און ווינד".

מאַכליע רחל פאַרדראָטעוועט די נייַם אין שטעטלס טעפּ,
דער שמש ישראל נח פאַרקראַצט אין באָרד אַ פראַגע:
„אַ סברא אַז ר׳ עליעס זון חיימקע וועט קיין רב ניט ווערן?" —
און אויף אייביק ווערט פאַרצויגן איבער שטעטלס קאָפּ אַ דאגה.

איך זע ר׳ עליען גיין מיט ווייסער, פלאַטערדיקער באָרד,
און סוקעוואַטן, ברוינעם שטעקן אין זיין האַנט;
ער גייט טאָג־איין, טאָג־אויס אויף פּאָסט
נאָך בריוו פון זיין מיזיניק אינם ווייטן לאַנד.

אינמיטן טאָג רייסט אויף די שטילקייט אַרום קלויסטער גאַס:
ס׳איילט אַרויס אַ שייגעץ מיט זיין בלאָנדער גריווע,
מיט אַ לייוועטנטענעם זאַק פאַרצויגן איבערן קאַרק
און ווי אַ גוטער שליח — טיילט ער יעדן איינעם בריוו.

אָט נעמט אַראָפּ ר׳ עליע אַ פּעקל בריוו
און דאָס יידיש בלאַט פון וואַרשע גופא.
ער לייענט יעדע שורה, יעדן וואָרט —
אַלץ וואָס מ׳האָט געשריבן אין דער גאָלדענער תקופה.

די מאַמע מערע איז דורכגענומען מיט דערוואַרטונג,
ווי די בלום איז דורכגענומען מיטן מאָרגן-טוי;
זי בויגט זיך איבערן גאַנעק, בויגט זיך אומגעדולדיק
און פאַרוועבט אַ זיפץ מיט טיפן אויסגעשריי.

דער טאַטע זעצט זיך אַרום טיש דעם ברייטן,
מיט התמדה לייענט ער דאָס בריוול אות-באות.
די מאַמע מיט נייגיר — פלאַטערט ווי דאָס בייגעלע פּאַפּיר,
און גאַנצער ווערט איר פרייד — פולער ווי אַ כוס — — — —

דאָס שטעטל פּעטריקאָוו איז גאַנץ אין אַלע פיר סעזאָנען:
אין פרילינג שפּיגלען אירע טייכן אָפּ די זיבן הימלען,
זומער זיינען סעדער און גערטנער צעבליט מיט זעט,
האַרבסט — איין גראָע כמאַרע, ווינטער — אַ מעשהלע אין דרימלען.

# אַ דעמבענער טיש

ערגעץ האָט מען וועלדער אויסגעהאַקט,
קאַרשן־ביימער, דעמבענע און צעדער, —
האָט מען פונדאַמענטן אויסגעלייגט
און געשניצט אַ הענטל פאַר אַ פעדער.

געצייכנט האָט מען פּלענער און געצייכנט,
אַט שטייט אַ טיש אויף ליכטיקע יסודות, —
אַבאַזשורן דעקן איבער לאָמפּן צעצונדן,
אָדלער טוען דאָ קרייזן — הונגעריקע עדהס.

פון סיביר קומט איינער, אין אָטעם אין הייסן,
בליט זיין בלאָנדער קאָפּ — אַ פעלד מיט זאַנגען;
דורך „פּוילישע וועלדער" שפּאַנט דער מייסטער,
פון „קענטאַקי" ברענגט איינער אַ קראַנץ געזאַנגען.

„ימים רוישן" האָט דער רייזנדער אַליין געזונגען,
„גרינע פעלדער" טוען ביז היינט דאָ בליען, —
אין דער מיר „אָרום מיל" שטילע וואַסערן צעזונגען,
שלווה פון די קאָרן־פעלדער טוט אַהער זיך ציען —

„פריידקע" האָט אַפיר געברענגט איר שווערן יאָך, —
די זינגערין — איר צושטייער האָט דערפרייט;
אברהם משה, מיט זיין עשירות האָט געפּלאַטערט.
פון אייביק־אָן שמעלצט די זון איר גאָלד און פאַרגייט —

אַט שטייט אַ טיש אויף ליכטיקע יסודות,
אַ צאַרטע האַנט פאַרהיט יום־טובדיקן זויבער;
יעדער געוועב דערציילט פון שוועבנדיקע־אָדלער
אויגן טובלען זיך אין יענעם וואונדערלעכן צויבער.

## צו משה לייב האַלפּערן

ניט געשטאָרבן איז משה לייב,
נאָר פאַרטראָגן — אַוועקגעשוואומען
אין אַ ווייטן, ווייטן לאַנד
איז משה לייב — — — —

אַ ים-קעניג מיט אַ זעגל-שיף
האָט געלאַנדט אויף אונדזער ברעג,
און באַפוילן רעגן און זון צו פאַרבן
אַ בויגן איבער טאָלן און בערג.

דער ווינט האָט די זעגלען אָנגעצויגן,
דער רעגן און די זון
האָבן געפאַרבט דעם בויגן,
דער קעניג איז צום שיף געקומען מיט משה לייבן.

געשוואומען איז די שיף
אויף שפּילעוודיק ווייסן שוים,
און געקומען מיט משה לייבן
אין אַ וועלט פון טרוים — — — —

# בלעטער

מאַני לייבן — לזכרון

בלעטער האָרבסטיקע פלאַטערן צום טויט,
מיט גאָלד זיי פלאַקערן, שאַרלאַך רויט.

דער ווינט יאָגט אַן אַ טרויער ניגון,
די זון בלענדט אין רוישיקן וויגן — — —

מעוועס צענעמען זייערע גרויע פליגל —
ווייסע בייכער נידערן צום טאָל, צום היגל.

בערגלעך ערד — אָפענע וואונדן,
לעבן מיט טויט — גורלדיק געבונדן.

אויף יענער זייט שטילקייט אַוועק
איז דער זינגער. אויף אונדזער ברעג

זיין ליכטיק געזאַנג איז געבליבן,
און בלעטער, בלעטער נישט דערשריבן — — —

# חותם

„און ווי דער ווייסער מאָרגנשטערן
וועל איך פאַרשמייכלען — און ניט ווערן...“
ה. ראָזענבלאַט

פינגער פלעכטן צעפּלעך פון קינד,
און שלייפלעך וואָס פלאַטערן אין ווינט.

פינגער זייען ווייצן און קאָרן,
און שפּייזן דורות דורך די יאָרן;

פלאַנצןביימער און יעטן די גראָזן,
בויען היימען פאַר מענטשן און האָזן.

פינגער באַנייען און באַשוכן בני־אָדם,
וועבן דאָס לייוונט און שפּינען דעם פאָדעם;

דרייען קנייטלעך און צינדן הבדלות —
דאָס ליכט זאָל לייכטן איבער מענטשן־מזלות.

פינגער לאָזן אַראָפּ די אויגנדעקלעך פון אַ מת —
מיטן ליכט פון דער וועלט וויל זיך ניט שיידן דער מת.

בלייבט זיין חותם אומעטום, אומעטום:
אין ליכט פון טאָג, אין בוים, אין בלום;

יעדער ווינקל אין שטוב, יעדער ביכער־שאַנק,
דערמאָנט אין זיין קול, דערמאָנט אין זיין גאַנג — — — —

## קינדער־יאָרן

פרץ הירשביינען — לזכרון

אויף יענער זייט הימל, אויף יענער זייט ראַנד,
אַ שטוב איז געשטאַנען אין אַ ווייט, ווייטן לאַנד;

האָט אַ מילנער געלעבט דאָרט מיט זיין ליבער משפּחה,
אויף זיין אַרבעט און מי גערוט האָט גאָטס ברכה.

האָבן ווינטן געטריבן די פליגל פון מיל, —
זיך געשפּיגלט מיט הימל אין וואַסערן קיל.

אין לייוונטן העמדל ט'זיך געשפּילט אַ יינגל אַ קליינס,
זיין שוועסטערל „בעבל" איז געווען אַ פּוכקע אַ שיינס.

די „קוואָקע" מיט הינדלעך און דער בייזער האָן,
האָט געשליידערט זיין קאָם ווי אַ צעפלאַטערטע פאָן;

דער זיידע ט'געכישופט מיט זיין „ראַבן" ניגון,
דער הויף און דער סטאַוו האָבן זיך געטאָן וויגן.

די קינדער האָבן זיך געשפּילט אַ קינדעריש שפּיל,
ביז זון איז פאַרגאַנגען און ביזן פלאַטער פון גריל.

אויף יענער זייט הימל, אויף יענער זייט ראַנד,
אַ שטוב איז געשטאַנען אין אַ ווייט, ווייטן לאַנד;

האָט אַ מילנער געלעבט דאָרט מיט זיין ליבער משפּחה,
אויף זיין אַרבעט און מי גערוט האָט גאָטס ברכה.

## אַקוואַרעל

### א

זינט גאָט האָט געמישט
וואַסער מיט פאַרבן, —
האָט ער אויך פאַרמישט
דעם סוד פון שטאַרבן — — — —

איז דער מענטש געקומען,
אין מורא און פאַרגאַפונג:
לעבנם פרייד פאַרנומען
און דעם וויי פון שאַפן — — — —

### ב

איך האָב די קרעלן אויסגעטאָן,
מיינע ליפּן ניט אָנגעפאַרבט, —
אַוועק בין איך אויפן בית-עלמין
אין טרויער אויפן גרויסן דור וואָס שטאַרבט.

### ג

זינט דיין בראשית,
בורא עולם,
לייכטן די הימלען,
שפּרייטן זיך וואַסערן
און די זאַמדן היטן, —
וואַרעמען די ביינער
אין זייער איינגעזאַמלטקייט,
אין זייער אייביקער רו — — — —

## לייענענדיק איזי כאַריקס לידער

אין אַ נאַכט אַ שטילער,
אין אַ נאַכט אַ בלאָער,
לייען איך כאַריקס לידער,
לייען און לייען ווידער.

כ׳לייען פון „מינסקער בלאָטעס״
אין לידער און פּאָעמעס;
פון „שטעטל״ און פון „ברויט״
לייען איך ביז מאָרגן־רויט.

זיין ליד איז מיר אַזוי נאָענט, —
צו זיין געזאַנג בין איך געווענדט,
פּאַרציט זיך אָפּט מיין „ציצונג״
מיט כאַריקן דעם דיכטער־יונג.

אין וויכוח וועגן „מיכאַיל״
שמועסן מיר שטיל;
— פּאַרפּעלט צווישן נעמען,
האָסטו אַ זון פון שמ׳ען.

— אויך ער האָט דאָרט געטראָטן
אויף די וועגן טריט צעשאָטן;
אַ „שוך־בענדל״, ווי אַ הערראַגליף
איינגעפּרוירן אין אייזיקער טיף.

— דו האָרך זיך צו אַ רגע
אין שטילקייט פון דער טאַיגע,
צום קול וואָס טוט באַגלייטן,
אין ווידערקלאַנג פון קייטן.

די שפּורן פון שונאס קנוט,
ביז היינט אין בלוטיקן וואוט — — — —
אויף פראָסטיק ווייסע שליאַכן,
אויף סיבירער פּלעינען, פּלאַכן.

# ס'איז דאָ אַזוי פיל פרייד

חוהן — אַ דערמאָנונג

ס'איז דאָ אַזוי פיל פרייד
אין באַגעגענען אַ פריינד אין וועג;
אַ פריינד וואָס גלעט מיט פשוטע רייד
און דערמאָנט אין ליכטיקע טעג.

האָב איך אַ פריינד באַגעגנט
דאָ, אויף דער יידיש־עוועניו,
ווען זון האָט מיט טאָג זיך געזעגנט
און געשפרייט אַ פאַרנאַכטיקע רו.

זי האָט מיר דערציילט פון אַ רבין:
„זיין לערע איז יושר און ליכט —
אַנטפּלעקונג דורך טויזנט געוועבן,
און ס'לויכט אויף כביכולס געזיכט."

אין איר בליק — אַ תפילהדיק בענקען,
איר גלויבן — אַ ליכטיק געזאַנג. —
אַט אַזוי וויל איך חיהן געדענקען —
מיטן חסידישן טראָט אין איר גאַנג.

ס'איז דאָ אַזוי פיל טרויער
אין אַ פאַרנאַכט וואָס גוססט בלוי,
ווען גאָט מאַכט צו דעם טויער
און הילט איין אַ טאָג אין גרוי — — — —

# אויפן באַרג דעם באַשערטן

אַן אָדלער
האָט זיך אונטער די וואָלקנס געטראָגן,
און געזוכט דעם הימל-באַרג;
האָבן געדיכטע וואָלקנס זיך אָנגעטראָגן
און פאַרשטעלט דעם הימל-באַרג.

דער אָדלער
האָט מיט זיינע שווערדן-פליגל
ליכט-זיילן געשניטן;
האָט זיך גאָט באַוויזן מיט זיינע פייער-פליגל, —
אין געבייזער אויפן אָדלער פאַר די זיילן-שניטן.

דער אָדלער
האָט מיטן פונק פון גאָטס ליכט
זיך אָפּגעשטעלט אויפן באַרג זיין באַשערטן, —
געברענט די נעגל-שפּיזן אין גאָטס הייליקער ליכט,
אויפן באַרג — זיין באַשערטן — — —

און דער אָדלער
האָט אין הכנעה געטאָן זיך נויגן:
„רבונו-של-עולם, נעם אַרויס פון מיינע פליגל
דאָס שווערדן-שאַרף און גיפט פון מיינע אויגן, —
כ׳זאָל ניט פאַרשטיינערט ווערן
אויפן באַרג — מיין באַשערטן — — —

# פאַרהוילן

דאָס גאַנצע לעבן האָט זי געהאָרעוועט:
זי האָט געוואָלט זיין גוט.
זיינען מענטשן צו איר געקומען,
האָט זי מיט נייגיר זיי אויפגענומען, —
דורך מעת־לעתן
נישט גערוט.

האָט זי קיכעלעך געטאָן באַקן,
געבויגן האַלדז־און־נאַקן, —
זיינען קיכעלעך אויפגעגאַנגען,
האָט זי עס צום טיש געטאָן דערלאַנגען, —
דורך מעת־לעתן
געוואַרט אויף געסט.

דאָס גאַנצע לעבן האָט זי געהאָרעוועט:
זי האָט געוואָלט זיין גוט, —
האָט זי טייבעלעך געבראָטן,
האָט זי טייגעלעך געקנאָטן, —
דורך מעת־לעתן
נישט גערוט.

אַ ביטערניש ז'אין איר געווען
האָבן מענטשן עס געטאָן דערזען, —
איז זי געפייניקט געוואָרן דורך גרוילן, —
די ביטערניש ניט געקאָנט פאַרהוילן, —
און דורך די מעת־לעתן
מער שוין ניט גערוט — — — —

## דו זאָגסט

דו זאָגסט — איך האָב אין זיך אוצרות
און איך בין אַ טראַגעדיע, —
ביי גאָט זיינען פאַראַן אַ סך אוצרות,
און מיר זיינען זיין קאָמעדיע — — —

דו רעדסט וועגן יעדן איינעם מיט ביטול,
אין יענעמס כוס גיסטו אַריין סם;
דו מיינסט: זיך איינהילן אין גאונס קיטל, —
דיין גאַליקייט איז דיין אייגענער צאַם — — —

מיט דיינע סטראָפן לעבסטו ניט בשלום,
צעברעקלסט דיין עשירות אויף מינץ, —
גאַנצקייט האָט זיך אירע כללים,
דו, ביסט אין שפיל פון קליינקייט דער וויץ.

## פריינטשאַפט

דער פויגל וואָס קען ניט זינגען,
זאָל ניט ציען אין מיין קאַנט, — — —
דער פריינט אין פאַלשן זינען
זאָל ניט אויסשטרעקן צו מיר זיין האַנט.

ווי אַ בלום צעעפנט אירע ליפּן
צו די שטראַלן פון דער זון —
אַזוי וויל איך פריינטשאַפט קניפּן,
קלאָרקייט ווי אין מאָרגן־טוי דערזען.

אינם טאָג וואָס איך קאָן ניט שרייבן
זאָל איך קאָנען אויפנעמען אַ בוך:
צווישן טאָוולען פריינט זיך קלייבן, —
זיך הילן ווי אַ גלויביקע אין שפרוך — — —

# אין אַ פֿאַרנאַכט

ג. וו״ן — לזכרון

מיר האָבן געשמועסט פֿון פּשוטע זאַכן,
אויפֿגעטויכט האָבן געשטאַלטן פֿון לאַנג שוין געאַנט:
איינגעדרימלטע טעג האָבן געטאָן דערוואַכן —
גילדענע נעכטנס האָבן אָפּגערוקט די וואַנט.

צו דער גרויער טעמזע האָסטו דיין יוגנט געבראַכט,
פֿאַר מיינע פּיס האָט זיך געשלענגלט דער האָדסאָן;
צוויי ליטווישע טעכטער האָבן יוגנטלעך געלאַכט
און דער פֿאַרנאַכט האָט געזאָגט „יהי רצון״ —

עס זאָל זיין דער ווילן פֿון גאָט
האָט מען אונדז געבענטשט מיט אַ תּפֿילה;
מיר האָבן געשפּאַנט אין פֿריידיקן טראָט —
דערמאָנט זיך אין היימען, ליכטיקע, שטילע.

ביים האָריזאָנט זע איך פֿאַרצייכנט דעם וועג,
קומען וועל איך צו דיר אין סוף פֿון מיינע טעג — — — —

## אויפן לאַנד

אויפן לאַנד, —
צווישן פעלד און בלום,
דערפיל איך זיך
אי וואָך, אי שטום — — — —

מיינע חושים זיינען אָנגעזאַפּט
מיטן ליד פון שטאָט, —
דאָרט צייכנט די שיינקייט
אַן אַנדער גאָט — — — —

אין אומרו אַ באַנומענע,
גיי איך צווישן קאָרן אום ;
טויזנט בינטלעך זאַנגען
די זון קושט אַזוי פרום.

דאָס פעלד ליגט פאַרטייעט
אין זיך אַליין פאַרטיפט,
אין צייטיקן פאַר געבורט —
אין האַרץ אַ תפילה טריפט — — — —

## בלויער באַגינען

אַ בלויער באַגינען
האָט מיך אויפגעהויבן
און געליכטיקט מיין זינען, —
דורך אַלע חושים טו איך דיך לויבן
און דאַנקען פאַרן ליכט, פאַרן גלויבן
אין כוח פון באַשאַף — פון געטלעכן זינען — — — —

## זון

אַ גילדערנער דיסקוס אין מזרח,
זון־שטראַלן קושן פרימאָרגן טוי,
בלומען אַנטקעגן הימל דערוואַכן :
**דער טאָג — אַ יינגלינג אין בלוי.**

# פאַרנאַכט אויפֿן לאַנד

אויף די לאַנקעס האָבן שאָטנס זיך געשפּרייט,
האָבן שטיקער זון געבלענדט אויף די בערג;
דער שליאַך האָט געלאָקט און דערפרייט —
אַנטקעגן זיינען געשוואומען אייביקע ווערק.

וואָלקנס — לאַמען מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער,
אין קאַראַוואַנען געצויגן זילבער־גרויען וואַל;
אין דער שלווה פון די טיף־בלויע געוועלבן,
געשטאַרקט האָט דעם וואָגלער גאָטס קול — — — —

דער פאַרנאַכט איז געווען אַ שטילער,
מערב־זייט האָט זיך געבאָדן אין רויט;
פאַרביי האָט זיך געטראָגן אַ ווינטל אַ קילער,
אַ פאַרשפּעטיקטער פויגל ט׳געפּיקט אין אַ שויט.

עפּל־ביימער האָבן סודותדיק געפּעכערט,
די לבנה האָט צניעותדיק געגאַפט,
צווייגן זיינען געווען געלאָדן מיט באַרן ווי בעכער,
טוי האָט אָנגעטרונקען זאַנג און בלום מיט קראַפט.

# זילבער וואָלקנס

זילבער וואָלקנס —
מעלקנדיקע קי
שלעפֿן זיך איבערן הימל.

אונטן —
דער באָדן אויסגעשפּרייט
מיט זומער־זעט.

ביימער
וואָרצלען זייערע פֿינגער
אין באָדן.
דורך די אָדערן פֿון דער ערד, —
פֿאַרהוילן אַלץ, פֿאַרקנאָטן
אין סודותדיקן דרימל — — — —

ביימער־שטאַמען,
מיט דורשטיקע מײַלער צום באָדן,
טרינקען זאַפֿטן
פֿון רחבֿותדיקער ערד.

דורך די פּלאַסטן פֿון דער ערד
קרעפֿטיקן זיך וואָרצלען,
טרינקען אָן די שטאַמען —
צעבליען ביימער־קרוינען
מיט געזאַנג צום הימל,
מיט געזאַנג צו גאָט.

# האַרבסט

פאַרוואָלקנט דער הימל,
מאַט איז דאָס גראָז;
סקאַלעס אין דרימל,
עס ציטערט אַ האָז.

אין האַרבסטיקן וויגן
בלעטער זיך ציען;
גרויע פעלדזן ליגן —
מידע קעמל אין קניען.

אין פרילינג געהוליעט
מיט ווינטן, מיט שטראַלן;
זומער־שפע געצייטיקט,
האַרבסט־בלעטער פאַלן.

שטייען נאַקעטע ביימער
אין האַרבסטיקער קעלט;
ציען פייגל אין דרום,
אין גאָטס וואַרעמער וועלט.

## טריקעניש

ציען מהנות פערד און קי
דורך זודיק הייסע װעגן,
זון, זי שרפהט פעלד און מי,
טריקנט װאסער אויף די ברעגן.

שטראלן — בייזע שלאנגען,
פארצוקן פייכטקייט אין רוים;
פארברענטע שטייען זאנגען,
אויבסטן דארבן אויפן בוים.

קוקורוזעס אין צעכראסטעטע יאקלעך
האלב נאקעטע אונטער דער זון,
יאדרעס-ציין — סקעלעטן װערן געלבלעך,
אויסגעגנאגט זײנען קארן און בלום.

פלאנצן — ליפן פארשמאכטע,
מדבר ברענט אין אייגענעם זשאר;
ביימער — אסקעטן פארטראכטע,
װארצלען נאגן אין אייגענעם קװאר.

## נאָך אַ רעגן

ליכט און שאָטן
ווי האָזן זיך יאָגן ;
שפּילן און שטיפן,
אין טאַנץ זיך טראָגן.

וואָלקנס ווייסע —
ליכטיקע לאַמען ;
שווימען אין סטייעס,
שווימען ווי שוואַנען.

נאָך אַ רעגן
הוידען זיך פלאַנצן,
שטיפן מיט ווינטן
אין פליטער־טאַנצן.

בלעטער שמייכלען
אַ גרינעם שמייכל ;
רעגן־דימענטן ציטערן
צו גאָט אין זיין היכל — — — —

## פ אָ ל ק י ש

אויפן בלויען טייך
איז אַ שטראַל געשוואומען ;
אין הינטערגרונט פון טייך
געבליט האָבן די בלומען.

ווייסע שוואַנען אויפן טייך
ברענגען רו און טרייסט ;
גיי צום בלויען טייך,
אויב דעם וועג דו ווייסט.

# בעלי־חיים

„וואָס לענגער איך קען מענטשן אַלץ מער
האָב איך ליב עופות."
מענדעלע מוכר ספרים

## דער אָדלער

דורכן רוים איז דער אָדלער געפלויגן
מיטן פּערלמוטער־שנאָבל געשניטן די לופט;
האָבן זיך בערג געטאָן צו אים נייגן
און שטערן האָבן צו אים זיך געשופּט.

## דער באַבאַלינק

עמילי דיקינסאָן באַזינגט דעם באַבאַלינק
מיר איז ביז היינט ליב די טויב, —
דער באַבאַלינק טרילערט ווען ער זינגט,
די טויב ברענגט מיטן גרינעם בלאַט די זיסע טרויב.

## די קוקאַווקע

די קוקאַווקע צעלייגט אירע אייער,
איבער פרעמדע, וואַרעמע שייערן,
זי באַנעמט ניט די עכטקייט פון זייער
און לאָבט זיך ביי פרעמדע פייערן — — —

## די שלאַנג

ביז איך וועל פאַרענדיקן מיין ליד
ליגן זאָל די שלאַנג אונטערן קוסט!
מיין האַרץ האָט געליטן פון איר בים —
פון איר טויטלעך גיפט כ'האָב ניט געוואוסט.

## די פּאַטלאַטע הון

איבער בערג און איבער טאָלן
צעשמייכלט שטיפעריש האָט זיך די זון;
אָ וואָלקן האָט זיך פּלוצים אָנגעטראָגן —
אַ ווילדע, אַ פּאַטלאַטע הון.

דער וואָלקן דאָס גאָלד האָט געשלונגען
פון שטראַל און פון האַרץ פון דער זון;
האָט אַ דיכטער צו גאָט זיך צעזונגען
און געשלאָסן דאָס מויל פון דער הון — — — —

## צו דער לבנה

איצט, ווען דו שווימסט איבער דיינע עוועניוס,
דו שמייכלסט, דו רעדסט צו יעדן שטערן;
מיין בליק איך ווענד צו דיינע עוועניוס,
צו דיר איך בעט „טרייסט זאָל מיר באַשערן."

דיין ספּער איז דין, דורכזיכטיק־בלוי,
ווייסע שלייערן צעוואָרפן איבערן הימל:
די שטערן לויכטן פונם אַזור־בלוי,
דער מילכוועג ציט זיך ווי אין דרימל — — — —

איצט, שטיי איך פאַר דיר, מיין קאָפּ געבויגן,
דאָס האַרץ צעעפנט — אין פּיין צעריסן:
אַ היענע מיט גיפטיק־צעפלאַמטע אויגן,
האָט מיין שלווהדיק פאַרנאַכט צעביסן — — — —

## דער הירש

דורכן וואַלד איז דער הירש געלאָפן,
אין פּלאָנטער מיט זיינע שטעקל-פיס;
דורכן וואַלד האָט דער יעגער געטראָפן:
אָפּגעשטעלט דעם שוואונג פון די הירשן-פיס.

דאָס פעלעכל וואַרעמט די ביינער פון חנה דוואָשע,
די צווייגן-הערנער הענגען אין „זו" אויף דער וואַנט;
דער יעגער שמייכלט, מיטן שמייכל פון אַ רשע —
דורכן וואַלד, אויף יאַגד ער שפּאַנט — — —

אויפן פעלד בלאַנקען די שטעקל-ביינער,
קינדערלעך שפּילן אַ שטעקל-געפעכט;
ווי די קריגער, מיט פאַרביסענע ציינער,
שלאָגן זיך, פאַר אַ וועלט „אַ גערעכטער — — — "

## צו אַ וועוורוקל

דו יאָגסט זיך אום
צווישן דאַרע בלעטער;
דיין פּיצל גוף, עס
ציטערט ווי אַ בעטלער

ביים אויסשטרעקן די האַנט
צו אביונדיקער וועלט;
אַ פרעגצייכן דיין ווידל,
גליוועוערט אין גרויער קעלט.

פּלוצים יאָגסטו מיט אַ ניסל —
באַהאַלטסט עס אין דר׳ערד;
ווען צייט צעמאָלט די בלעטער,
גראָבסט אויף דאָס גריבל ערד;

און ציטערסט מיטן וואַרעם ניסל,
און קושט עס מיטן פייכטן נעזל;
אין הימל פרייט זיך דער באַשאַפער,
אונטערן שניי — דאָס פרילינג-גרעזל.

## אימפרעסיע

איר טאַרסאַ דערמאָנט אַן אַמאַזאָן,
איר טראָט איז צאַרט און ווייך;
די אויגן שמייכלען
מיטן אומעט פון אַ טויב.

איר קול — דורכזיכטיק, קלאָר,
ווי דאָס וואַסער אין טראָפּישן ים;
נאָכן שטורעם, נאָכן ציקלאָן,
ריזלט שטיפעריש דער ים, —
הוידעט דעם הימל
מיט טויזנט שעפּסלעך,
וואָס ציען זיך צום קוואַל.

דער ים
גלעט די אַקסל פון מידן מענטש,
לינדערט זיינע וואונדן, —
לינדערט צער פון דער וועלט.

איר קול באַגלייט
מיטן סאַמעט פון אַ גרינער לאַנקע;
איר האַנטדרוק וואַרעמט
מיטן פלאַטער פון אַ טויב — — — —

## אַ ליבער גאַסט

אַ ליכטיקע, אַ שמייכלענדיקע ביסטו היינט צו מיר געקומען,
מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ האָב איך דיך אויפגענומען, —
דערציילט האָסטו פון דיינע טעג — אין נויט זיי דורכגעשוואומען,
מיינע אייגענע הונגער־טעג זיינען פאַר מיר אויפגעקומען — — —

# פרימאָרגן אין סאַנאַטאָריע

דער דיל גלאַנצט ווי אַ שפּיגל,
אויף די טאַפּעטן־ווענט סודותדיקע וועלדער;
אויף איין בילד אַ פעלדזיקער היגל,
אויף אַ צווייט בילד יאָגט אַ הונט איבער פעלדער.

קראַנקע זיצן פאַרשטומטע אין שטולן,
קראַנקע ברומען אַ ווילדן־געברום;
זיי זיינען צעטיילט דורך טויזנט גבולן
און פאַרשוועסטערט דורך גורל־תהום — — —

איינע קוקט דורך פאַרחלשטע פינגער:
הענט איבערן פּנים, ווי צום בענטשן ליכט;
שוין צום וויפלטן מאָל ציילט זי אירע פינגער
און פירט דעם שגעון צום אויסגעלאָשענעם געזיכט?

איינע פאַרבט זיך די נאָז אויף שאַרלעך־רויט
און שעפּטשעט אוים אין דער שטיל אַ געוויין:
„גאָטעניו, גאָטעניו, כ'ריים פון זיך די הויט,
פאַרוואָס איז מיין מאלער געשטאָרבן, אָן מיר, אליין?"

וואַנדאַ טאַנצט אריין מוטער־נאַקעט,
אירע קליידער אויפגעראָלטע אין אַ קנויל;
„די יידישע געטאָ פלאַקערט! פלאַקערט!"
שרייט וואַנדאַ דורך איר אויסגעקרימטן מויל.

איינע וואַלגערט זיך אויפן גלאַנציקן דיל
און פאַרגייט זיך אין אַ ווילד־געלעכטער:
„מיין שנורס געוויין הער איך אין דער שטיל,
און איך האָב פאַרבראָכן, ווי לוטס טעכטער" — — —

די קראַנקן־שוועסטער האַלט די טיר אויפן ריגל,
הינטערן טיר וואַכן אויף סודותדיקע וועלדער;
פאַרמשפּטע לעבנס אונטער פייערדיקן זיגל — — —
דער הונט יאָגט, יאָגט איבער די פעלדער — — —

# ר׳ נתן דערציילט
(באַלאַדע)

„איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ דערפל דערביי,
כ׳בין געקומען אין שטעטל צו לערנען גאָטס תורה;
האָט מיך דער „כאַפּער״ פון שטעטל געכאַפּט
און אָפּגעגעבן אין דער האַנט פון דער גזירה.

„אַ מנין יינגלעך האָט מען אַרבע כנפותן אויסגעטאָן
צו אַ מנין יינגלעך האָט מען גערעדט, געפּרעפּלט;
האָבן צוויי צענדליק אויגן צום גלח געקוקט —
דורך טרערן ,געהערט׳ וואָס ער׳ט גערעדט, געפּרעפּלט.

„פאַרטאָג האָט מען די יינגלעך אין קלויסטער געפירט,
מיט שרעק, ווי סקאָט, זייערע פיס געבונדן;
זיינען זיי געגאַנגען, ס׳האָבן געזיפצט זייערע טריט,
שחרית-תפילה אין זייערע הערצער געצונדן — — — ״

אָט-אַזוי האָט ר׳ נתן דערציילט און דערציילט,
אָט-אַזוי האָט ר׳ נתן פון זיין לעבן דערציילט:

„מען האָט אונדז אויף אייביק פון טאַטע-מאַמע צעשיידט.
מען האָט אונדז געטריבן איבער פּוסטע פעלדער,
מען האָט אונדז איבער זאַמדיקע שליאַכן געיאָגט,
מען האָט אונדז געטריבן דורך געדיכטע וועלדער.

„אַן עדה יידעלעך איז אין אַ ווייסער שטאָט געקומען,
וועלף האָבן געוואָיעט, דער בער האָט געברומט;
אין האַרץ האָבן מיר ,שמע ישראל׳ פאַרנומען —
צום גלחס פּרעפּלען האָבן אונדזערע הערצער געשטומט.

„איצט בין איך צוריק אין שטעטל פון ,כאַפּער׳,
איך קום צו זיין טויער, איך זאָג צו אים קלאָר —
דורכן טויער, ער הערט מיין יאָמער, מיין קלאָג:
,האָסט מיך באַרויבט פון שטאָם, פון אויפשטעלן אַ דור!׳ ״

אָט-אַזוי האָט ר׳ נתן דערציילט און דערציילט,
אָט-אַזוי האָט ר׳ נתן פון זיין לעבן דערציילט.

# סעזאָנען

געטרונקען האָבן שטאַמען רחמימדיקן-טוי,
קנאָספּן האָבן געשמייכלט פרילינגדיק-בלוי,

דורך וואָרצלען האָבן ביימער וואַרעמקייט געצויגן
און געפלאַטערט צום בורא דורך בלעטער-אויגן.

פּירות האָבן געציטערט, געקוויקט מענטשן-קינדער,
פעלדער האָבן געשפּייזט, געזעטיקט שאָף און רינדער.

שייערן זיינען פול געוואָרן מיט רחבות פון גאָטס ערד,
אין שלום און אין שלווה דאָס לעבן זאָל זיין באַשערט.

האַרבסט בלעטער זיינען געפאַלן, זאַט מיט זון און ווינט,
באַזאַלצן און באַזריעהט דעם באָדן פון מענטש און רינד.

אויפן הימל זיינען געשוואומען זילבער-פייגל און געגנדז.
שניי-ווייסע בערג האָבן זיך געוויקלט אין גילדענע פרענדז.

געטרונקען האָבן שטאַמען רחמימדיקן-טוי
און גאָט האָט געזאָגט: דעם מענטשן איך טרוי — — — ״

## פרילינג

עס שמעקט דער פּאַרק מיט פרילינג,
עס שמעקט מיט פרישן גראָז.
דאָ יאָגט אַ קלוגער וועוויריק,
צעשראָקן גאַפט אַ האָז.

מאַמעס מיט קינדערלעך קומען,
געלעכטערס לויכטן אויף ווי די זון.
קינדערלעך צופּן די גראָזן,
איינער יאָגט זיך נאָך זיין באַלון.

דאָס אינדיאַנער טייכל שפּיגלט
דעם הימל מיט דער גאָלדענער זון.
אַ ווינטל צעציטערט דאָס וואַסער, —
זוכן זיך שטראַלן אַרום — — —

ביימער אין הונדערטער מינים, —
איך ווייס נישט דעם יחוס פון זיי;
איך קאָן זייער שפּראַך נישט ריידן,
איך קאָן אויך נישט בליען ווי זיי.

שפּאַן איך דאָ איבער די וועגן,
עס כישופט געלעכטער און שפּיל:
דערפרייט איז גאָטס טאָג ביז די ברעגן,
סודען זיך בלעטער תפילהדיק שטיל.

## זומער

שמייכלט דער פּאַרק
מיט סוף-זומער שמייכל ;
ער דערציילט אין דער שטיל
מיט זיין פּשוטן שכל :

— געקומען איז פרילינג
דורך ווייטיק, דורך פּיין ;
אויף צווייגן די טרויבן
האָבן געכישופט מיט ווין —

דער זומער ט׳געצייטיקט
תבואות און פּירות ;
דער זומער מיט זעט —
ער קאָרמעט די דורות.

שמייכלט דער פּאַרק
מיט האַרבסטיקן שמייכל ;
פרייט זיך אין דער שטיל
גאָט אין זיין היכל. —

## האַרבסט

דעד דרויסן שמעקט מיט וועלק
און מיט צייטיקן קוואַס פון ברויט;
האַרבסט איז איינגעהילט אין וועלק
און נאָכגיביק אין וואָלגער פון טויט.

מכשפות מיט צוקרימטע פינגער
פליקן זקנה־בלעטלעך פון בוים;
פון צפון נייגן אָפּ די פייגל
און לאָזן איבער אַן אומעט אין רוים.

בלעטלעך פאַרטריקנט, פאַרוויאַנעט,
פלאַטערן מיט ווינט אין געיעג;
ביימער אין וואַלד בלייבן נאַקעט
ווי פּליטים אין חרובע טעג.

דער דרויסן שמעקט מיט וועלק,
פאַרשייטער יאָגט זיך דער ווינט, —
דורך וואַלד ציט אַ זאַטער דער עלק,
שפּילט אין אומעט אויף צווייגן דער ווינט.

**ווינטער**

ווייסע פליטערלעך פון הימל
ציען זיך אין בלויען חלל, —
און זיי פלאַטערן אין ווימל
ווי אין שלאָף אַ גוטער חלום.

שפרייטן זיך פעלדער ווייסע,
איבער יונגע טעג־און־יאָרן, —
שטיפן קינדער אין כישוף־מעשה,
ערגעץ רופט אַ זילבער־האָרן — — — —

ס'דרימלען בערג — קלוגע זיידעס,
ווייסע ליילעכער הילן איין די וועלט ;
אויף געלאָדענע פורן פאָרן עדהס
פורים־שפילער — קונדסים פאַרשטעלט.

ביימער — ליכטיקע גירליאַנדן
געקושט פון זון און פראָסט, —
צווייגן פינגערן בריליאַנטן,
מיניען רעגנבויגנדיקן פראָסט.

ווייסע פליטערלעך פון הימל,
ציען זיך אין בלויען חלל, —
און זיי פלאַטערן אין ווימל
ווי אין שלאָף אַ גוטער חלום.

# זיבן פאַרבן

אין דער וועלט זיינען פאַראַן זיבן פאַרבן,
ווייל דער מענטש — די וועלט זאָל אַרבן
די שיינקייט, וואָס בליט אין פאַרביקן חלום,
די שיינקייט, וואָס איז דער אייביקער שלום — — — —
איז דער מענטש איבער דער וועלט געגאַנגען,
אימעצער האָט שוין דעם אמת געפאַנגען;
האָט ער זיך פאַרנומען אויף אַ זייטיקן וועג,
אַ בעטלער באַגעגנט, געטאָן אים אַ פרעג:
— זאָג מיר, דו אַלטינקער, זאָג מיר איך פרעג,
וואו איז דער רעגנבויגן זינט גאָטס קנין-טעג?

דער בעטלער ט'געענטפערט, דורך אויגן אין צער,
און דערציילט דעם מענטשן פון ביטערן גזר:
— זינט קין האָט קעגן הבלען אַ שטיין געהויבן,
קלאָגן ביז היינט די ערד און די שטויבן — — —
פרעגט אים דער מענטש פון גזר דעם באַשייד:
— העלף מיר, אַלטינקער, מיט דיינע קלוגע רייד. —
— קלאָג נישט, מיין זון, איין פאַרב איז שוין דאָ,
צו געפינען נאָך זעקס וועט קומען די שעה.

איז געגאַנגען דער מענטש מיטן בעטלער ביינאַנד,
און געזען דעם חסד פון גאָטס גנעדיקער האַנט:
בן-אָדם בויט, ער טוט פלאַנצן און זייען,
קינדערלעך לערנען, אין שולן זיי גייען,
מיט ליבשאַפט און חכמה שטראַלן זייערע אויגן,
דאָס זיינען נאָך פאַרבן פונעם רעגנבויגן — — —
מיט שגעון איז געצונדן דעם קראַנקנס אויגן,
דער הקדוש הענגט אים פון רעטונג אַ בויגן.
אין וויי-געשריי פאַלט צו אַ מענטש אויף אַ שוועל,
טרייסט און גנאַד, — איז אַ פאַרב וואָס העלט.

אָדם האָט געוויינט, ווען ער איז פון גן־עדן ארויס,
האָט אים חוה געטרייסט: „ס'וועלן פאַרביקע זונען ארויס.״
משה האָט פאַר זיין טויט געקושט גאָטס זיים,
און גאָט האָט געזאָגט: „די גאַנצע וועלט איז דיין היים.״
זיינען אַלע געקומען אויף הר־ציון דעם באַרג,
איז געקומען דער אַלטער מיטן זאַק אויף זיין קאַרק;
און אויפגעבונדן די זיבן געפונענע פאַרבן, —
פאַרן מענטשן, אויף אייביק די שיינקייט צו ארבן.
דער אַלטער האָט געשטראַלט מיט זיין ווייסן געזיכט,
אויפגעלויכטן איבער וועלט האָט דאָס סיני־ליכט, —
שטראַלנדיק האָט ער זיך אין די הויכן געטראָגן
און ז'אַוועק אין די הימלען אויף זיין פייער־וואָגן — — —

# אין וועג

די שטוב איז געהילט אין שווייגן,
די וואַליזעס שטייען שוין גרייט;
איך קוק אויף פיר ווינקלען אין שווייגן,
די טיר צעעפנט זיך ברייט — — —

דער טראָט פון שוועל איז זיכער,
דער וועג איז פרעמד און ברייט;
די באַן־רעדער ראָלן גיכער און גיכער,
פאַרביי טאַנצן פעלדער פאַרזייט.

היקאָרי און עפּל־ביימער שווינדן
מיטן וואַלד און צעגרינטע גראָזן;
אין הימל טוען שטערן זיך צינדן,
אין נאַרעס באַהאַלטן זיך האָזן.

בעלי־חי געפינען זייער היים אין וואַלד:
דער פויגל זיין נעסט, דער פוקס זיין נאָרע;
די שלאַנג פאַרקריכט אין פעלדזן־שפּאַלט,
דער טכויר אין זיין קאָנורע — — —

די באַן־רעדער ראָלן גיכער און גיכער,
אין דמיון כ׳קום צוריק אין שטוב אַריין;
צווישן ווענט, וואָס זיינען וואַרעם און זיכער,
הילט מיך אַ תפילהדיקע שטילקייט איין — — —

## נאַכט אין באַן

דער באַן איז לאַנג און שמאָל — אַ שוועבנדיק טונעל,
צוויי שורות שטולן אין ווייסן אָנגעבעט,
מענטשן טוליען זיך אין תפילהדיק געבעט.

אַ יונג פּאָרל פאָרט צו אַ וועלט ליכטיק, העל,
פון טאַטע־מאַמעס שטוב זיינען צוויי טויבן
ארויס, אַן אייגענעם בראשית אָנצוהייבן — — —

אַן אַלטע מאַמע בלייכט אין דער נאַכט אריין,
דאָס פּנים — פאַרמעט, דער קאָפּ — פריש געפאַלן שניי, —
די מיזינקע שוין נאָך שלושים, — דאָס איז איר פּיין, איר וויי.

אַ וועטעראַן טרייסט זיך מיט אַלטן ,שטאַרקן וויין;
פאַר זיין פאָטערלאַנד אַלע שלאַכטן געוואונען, —
ביז היינט, דעם וועג צוריק צו זיך ניט געפונען — — —

אַ ראש ישיבה צערטלט אַ ספר אַ גרויסן, —
ס׳לויכט פאַר אים אויף אַ פּשט וועגן סיני־באַרג,
נאָר דאָס בלויע ליכט אין באַן איז טונקל־קאַרג.

איינער קילט זיין שטערן אויף אַ שויב, דרויסן
טראָגן זיך באַלויכטענע שטיבלעך פאַרביי;
די האָרנדיקע לבנה שאַרפט אַ טאָג אויפסניי.



אין וויגנדיקן באַן ליגן בני־אָדם פאַרחושטע, אין דרימל,
אין שוועבנדיקן טונעל — מענטשן־זאָרג, מזלות אין איין געווימל —

# אויף פליגל

אויף די פליגל פון אַ מעכטיקן אָדלער
שוועב איך צום לאַנד פון אייביקן גרינעו ;
מיר טראָגן זיך איבער בערג, איבער טאָלן,
נעענטער, נעענטער צו אַ ליכטיקן באַגינען.

גלעט איך די זילבער־פליגל פון אָדלער,
טראָגט ער מיך איבער ריזיקע וואָלקן־בערג,
שניי־ווייסע בופלאָקסן, לייבן און האָרן־טיגערס ;
אין בלענדיקן צויבער טוליען זיך גאָטס ווערק.

איבער די וואָלקנס אַ גן־עדן ווייסקייט,
די שלייער־לופט דער אָדלער באַצווינגט,
שטח ווערט אָפּגעווישט דורך זיינע ריזן פליגל,
און בן־אָדם דעם געטלעכן וואונדער באַזינגט — — — —

# האוואַנאַ

דו ליכטיקע האוואַנאַ,
מיט גאָלד מיט סאַפיר;
זינגענדיקע האוואַנאַ —
עלנט ביי יעטווידער טיר.

דיינע פאַלמעס ווי פלעשער
מיט ספירט באַקאַרדי, —
שיכורדיקע פעכער
צו דער זון ציען אין גלי.

דיין פרוי צווישן גראַטעס
אַ שקלאַף אין איר היים;
דורך געזאַנג־סערענאַדעס
וויגט זי חלום אין געוויין — — — —

דיין אביונות זינגט אום,
סיי גרייז און סיי קינד, —
לאָטערעי־צעטלען אין פלאַטער,
מיט האָפנונג אין ווינט — — ..

אין בלינדקייט געפאַנגען
אי ציפער, אי שריפט:
אזארט־שפיל אין קלאַנגען, ...
דיין באַפעלקערונגס גיפט.

פאַרפייניקט דיין יורד,
פאַרבלוטיקט דער וועג, —
ס'וועט אויפשטיין אַ מורד
און באַפרייען דיין ברעג.

## צו כאַסע מאַרטי

שטיל, מיט באָרוועסע טריט
בין איך אויפן באַלקאָן אַרויס,
מענטשן רוען אין נאַכטיקן געמיט,
אין יעדן סאַלאָר, אין יעדן הויז.

דער הימל איז מיט שטערן פאַרזייט,
די לבנה זוכט וואו צו אַנטרינען;
דער נאַכט־וועכטער ערגעץ ער גייט,
צום אַנטקעגן פון אַ נייעם באַגינען — — — —

שטיי איך דאָ מיט באָרוועסע פיס,
פראַסטיקע שטיינער בריען מיינע טריט,
אימעצער טוט מיך פון דאַנען אַ ריס,
שפּאַנען מיר אונטער אַ הימל מיט שטערן צעבליט.

פון פּאולאַ גאַס טראָגט זיך אַ געזאַנג:
„דו האָסט געהאַמערט דאָס מאַרטירער־ליד"
אין טראָפּישער אומרו איז זייער גאַנג:
„דורות וועלן זינגען דיין פרייהייטס־ליד."

שול־קינדער, פּויערים, אינטעלעקטואַלן
ציען אַהער צום פּאַרק־צענטראַל;
דורכגעפלאָכטענע קראַנצן מיט לבנה־שטראַלן
שטראָמען, ווי שוימיקע וואַסער־פאַלן — — — —

אויפן באָדן פון אייביקן גרינען
זויבערט פּערלדיק דיין חלום, —
דיינע יורשים, אין לויטערן זינען,
האפטן דעם אויסגעבענקטן שלום — — — —

# ביים ברעג ים

עס שטיפֿן דריי יונגעֿן
אויף מעל־ווייסן זאַמד, —
דריי לידער געזונגען,
פֿון מאַמעס אין טראָפּישן לאַנד.

אָקסלען ווי דעמבעס,
הויט קופּער־ברוין;
שלאַנקע ווי פּאַלמעס
געקושט פֿון דער זון.

יינגלעך אין באָרוועס
ברויזן כוואַליקן ים,
זייער לעבן אָן ערבֿות —
פֿאַרהונגערטער שטאַם.

זיי זידן ווי קעסלען
און שלעפּן אַ פּליט;
צעכוואַליעטע לעבנס
אין זייערע הפקר טריט — — — —

מיידלעך, צוויי שטילע,
טובלען לייב און געביין, —
פֿרום ווי אין תּפֿילה
געלייטערטע זיך דערזען — — — —

עס האַלדזן די כוואַליעס,
פֿונס גרין־בלויען ים,
ווי סראַליקלס אָרעמס —
יינגסטער גליד אין מיין שטאַם.

איין יינגל, אַ ווייסער,
צווישן ברוין־הויטיקע דאָ,
אייניקל אָן מעשׂיות: —
שפּינסט אין צייט אַ נייע שעה — — — —

## אויפן אינדזל קובאַ

אייניקל פֿאַרשליידערטער
אויף אַ פרעמדן ברעג ;
פון דיינע אָבות אָפּגעווענדט,
גרויע מעשיות שפּינען דיינע טעג.

אייניקל פֿאַרשליידערטער,
אָפּגעבראָכן פון דיין שטאַם ;
פֿאַרטראָגן אויף אַ דאָרן־אינדזל,
ברויזט דאָס לעבן — אומרואיקער ים.

אייניקל פֿאַרשליידערטער
פון דיין אייגן וויג, —
ניט באַשערט איז דיר צו הערן,
פון ראָזשינקעס און מאַנדלען ס׳ליד.

אייניקל פֿאַרשליידערטער
אויף אַ פרעמדן ברעג —
מיטן אויפגיין פון דיין דור,
נייע מעשיות שפּינען דיינע טעג.

# אין דיין לאַנד

מיט סראַליקן אין אַ גאָלדענעם פאַרנאַכט,
שפּאַנען מיר איבער זאַמדיק-ווייסע וועגן,
ער טוליעט זיך צו מיר פאַרטראַכט —
שוואַרצע אויגן גאַפן, רויטע ליפּן פרעגן:

— הינדע, וואו ענדיקט זיך דער וויסער-וועג
און וואוהין גייען אַוועק אַלע גרויסע שיפן?
— קינד, איך אַליין וואָלט געטאָן אַ פרעג,
וואָס איך האָב ביז איצט ניט באַגריפן.

— אין דיין לאַנד אין ליכטיקן, מיט אויבסטן און מיט בלומען
איז דאָ אַזויפיל אומעטן אין פנים פון קובאַנער;
ער שווייגט-אוים אַ נצחון — שווייגט באמונה —
דער פאַרמער, קאַניע*)-שניידער און אורבאַנער.

— אויסגעצויגן ווי אַ קראָקאָדיל ליגט דער אינדזל קובאַ
און וויגט דעם שורש פון אַפריקע, שפּאַניע, האַטיי,
יעדער שטאַם וועבט אַריין זיין נאָטע: די רומבאַ
און דאַנסאָן, אין ניגון און אין שלאַנגען-טאַנץ ער וויקלט זיי.

— אין דיין לאַנד אין זוניקן מיט הימלען זשאַרזשעט-בלוי,
פעכערן די פאַלמעס מיט גאָלדיק-גרינע שטערן
און די קאַניע-שניידער וואוינען אין כאַטקעס ליימיק-גרויע,
און די טאַבאַק-פלאַנצער אין שוויים די בלעטער נערן — — —

— אָט אַזוי, מיין טייערער, דערציילט דיין לאַנד אַ מעשה,
אין געוועב פון טראָפּישע מנהגים און באַגריפן
פלאַטערט אַ פאַרשריבן בלאַט, ניט פון טויבן ווייסע —
און אַזוי האָט אַ גאָלדענער פאַרנאַכט אָנגעהויבן טריפן.

---

*) קאַניע: צוקער-רער.

# דער שלייפער

דין — דאָן קיכאָט, אָן אויסגעחלומטע ווינטמילן,
פאַרצייגן איבערן אַקסל אַ שלייפמאַשין־ראָד;
ער רופט קונים צו שאַרפן שערן, מעסערס,
דאָס איז זיין חיונה פון גאָטס גענאָד — — —

אויף אַ הילצערנעם געשטעל דער ראָד ריטמט,
שטאָל פון מעסערס און פון שערן גלאַנצן;
צום טאַקט זינגט דער שלייפער די „רומבאַ",
קינדערלעך מיט נאַקעטע פופּקעס טאַנצן.

דער שלייפער שלייפט מעסערס פאַר קצבים,
מעסערלעך צום שניצן, שערן פאַר שניידער־מיידן;
שניידט דער קצב פלייש צום וועגן און צום מעסטן,
צושניידערס שניידן ווארע בני־אָדם צו באַקליידן.

דער שלייפער שלייפט און זינגט „האַ־טשאַ, טשאַ"
אין שלאַנגען־טאַנץ וויכערט קאַרמענסיטאַ,
די ערד אונטער איר עס פלאַקערט, —
אַנטקעגןווירבלט די צעגליטע ראָסיטאַ.

אַן אייזעלע שלעפּט אַ וועגעלע אויסטערלישע פירות,
איין האַנט ביים אויער, שרייט כואַניטאַ „מאַנגאָס",
אויערן־לאַצן אויסגעצויגן, דאָס אייזעלע בלייבט שטיין, —
בלאַנקע מעסערלעך שיילן זאַפּרענדיקע מאַנגאָס.

איבער הונגעריקע פינגער רינט דופטנדיקער זאַפט,
מען שלינגט און שלינגט די זאַפּרענדיקע פרוכט.
בחורים מיט זייערע שיינע סיניאָריטאַס
מאָלן דאָס לשון און פאַרצערן די פרוכט.

אויפן ראָד וויקלט זיך דעם שלייפערס מזל, —
עס פאַרגייט דער טאָג, אַ טראָפּיש צעגליטער;
אויפן הימל שלייערט זיך אַ בלויער דער פאַרנאַכט,
אין אומרו צינדט זיך דער אָוונט מיט שטערן אַ צעבליטער.

## באָסע מאַרטי

מיטן פּנים צו דער זון
איז מאַרטי געפאַלן, —
געקושט האָבן שטראַלן
פאָלקס געטרייען זון.

דער ווינט האָט געקעמט
באָסעס צעפּלאָטערטע האָר,
זיין נבואה היט יעדער דור,
מיט ליבשאַפט ער באַנעמט:

די צעבלוטיקטע ערד
געבאָדן האָט זיך אין טרערן —
אויסגעלאָשן דעם ליכטיקן שטערן
אויף קובאַס באַפרייטער ערד — — —

## אין פּאַרק צענטראַל

באָסע מאַרטי שטרעקט זיין רעכטע האַנט צו מזרח-זייט,
דער קאַפּיטאַליזם דרימלט מיטן דרימל פון אַ רייכער מומע, —
דורך פּראַדאָ ציט זיך אַ ניגון פון מאָראָ-קעסל ביז אין ווייטער ווייט,
גאַסן-קינדער זינגען און די ראָיאַל פּאַלמעס שטומען — — —

## צו אייך

מיינע ליבע, ס'איז גוט וואָס שיפן ציען איבער ימען
און ברענגען גרוסן פון נאָענטע וואָס זיינען ווייט פון דאַנען.

מיינע ליבע, ס'איז גוט, וואָס דאָס וואָרט איז דאָ, —
איך אָן פון אייך יעדע רגע אין מיין וואַכער שעה.

אייער צער, וואָס איז פרייד געווען און איז ניט מער,
טייל איך מיט אייך — כ'קוש אַראָפּ טרער נאָך טרער — — — —

## ווי איין טאָג

סאָניען

זעקס וואָכן זיינען אָפּגעשוואומען,
זעקס וואָכן ווי איין טאָג — — — —
זעקס וואָכן האָב איך פון דיין האַנט
וואַרעמקייט געטרונקען, טאָג־נאָך־טאָג.

יידישער גורל האָט אונדז צעשיידט,
זיינען מיר געגאַנגען באַזונדער.
נאָך צענדליקער יאָרן זיך דערפרייט,
דורך פאַרהאַלטענע טרערן — דערזען וואונדער:

זיידעס און באָבעס האָבן איבער אונדז געוואַכט,
געהיט די גאַנצקייט פון אונדזער טראָט,
שווער דער וועג פון היים ביז נע־ונד — — —
די האַנט פון דער השגחה געשפּרייט האָט גנאָד.

דורך באַזונדערע וועגן קומען מיר צום קוואַל:
דער פאַרחלומטער טאַטע, מיט זיין לויישן ניגון
היילט די וואונדן, — אין תפילה מיר בעטן:
זיין ליכטיק געזאַנג זאָל ניט ווערן אַנטשוויגן.

# מיין פרייד

מיין שוועסטער סאָניע און איר פאַמיליע
— מיט ליבשאַפט.

מיין פרייד איז צעברעקלט,
מיין פרייד איז צעטיילט:
אין שטערן, אין זון, אין לבנה.
אַ ברענגט מיר מיין פרייד,
אַ ברענגט מיר מיין פרייד,
ווען איך בין אין צער, אין סכנה.

מיין פרייד איז צעברעקלט,
מיין פרייד איז צעטיילט:
אין עלנט, אין שטורעם פון ימען,
טרינק איך מיין פרייד,
טרינק איך מיין פרייד —
ווי ס'טרינקען דורך וואָרצלען די שטאַמען.

מיין פרייד איז צעברעקלט,
מיין פרייד איז צעטיילט:
אין גראָזן, אין רוישן פון בוימען,
קלייב איך מיין פרייד,
קלייב איך מיין פרייד —
ווי „קרוזאָ" אין ימיקע שוימען.

# אַ ניגון

כאַשען

דורך אירע אַכצן יאָר,
שפּילט דאָס לעבן
דעם שענסטן ניגון.
ערשט נעכטן האָט די מאַמע
איר קול דערהערט;
מיט ברכות אין האַרצן
געטאָן זי פאַרוויגן — — —

אירע גרויסע טרויבן־אויגן
טראָגן אַ מזרח־שטילקייט;
איר מויל וואַרעמט אַ חלום — — —
די ראָיאַל פּאַלמעס פעכערן אַ קילקייט;
אונטער די בלויע הימלען
ציען זיך ווייסע שלייערן אין חלל —
הילן איין ברכות, ליבשאַפט און שלום — — —

## אויף דער חתונה

כאַשען און אברהמען

טאַטע־מאַמע פירן דעם חתן צו דער חופּה,
איין תפילה טוען אַלע בעטן — גליק.
טאַטע־מאַמע פירן די כלה צו דער חופּה,
אַלע וועגן פירן צום ליכטיקן בריק — — —

נאָכן „הרי את" און נאָכן „מקודשת",
צעוויגט זיך דער זאַל ווי אַ שיף.
אַנטקעגן חתן־כלה טאַנצט די מומע יהודית,
און אויף כוואַליעס פריידיקע שווימט די שיף.

# אויף אַמעריקאַנער באָדן

## געשטאַלטן

בעדלאָום אײַנדזל אין נאַכטיקן דרימל,
די לבנה שפּרייט זילבער-ליכט.
די פרייהייט-סטאַטוע מיטן פאַקל צום הימל,
עמיצער שפּאַנט מיט פאַרחלומט געזיכט.

כוואַליעס פּלאַפּלען מיטן זויבער פון וואַסער
און וואַשן די פּסולת אַוועק —
ווער עס וויל קאָן הערן דורך וואַסער,
דעם צויבער און פּלאַפּל ביים ברעג.

עמאַ לאַזאַרוס רוישט אין זיידענעם קלייד,
זי טראָגט זיך אויף די טרעפּ-אַרויף;
זי וויל דערגיין היינט-נאַכטיקן באַשייד,
נאָר זי הערט פון אַ שטים דעם רוף.

די רויט-הויטיקע פּרינצעסין, מיט די לאַנגע צעפּ,
אַ פּעדער אין שטערן-באַנד, צוויי בלענדיק-שוואַרצע אויגן,
איז געבליבן שטיין אויף די מירמלנע טרעפּ.
עמאַ האָט צו דער פרעמדער געטאָן זיך נויגן,

און מיט יראת-הכבוד דעם גאַסט געטאָן פרעגן:
— פריד צו דיר, פון וואַנען קומסטו אַהער?
אין דער נאַכטיקער שעה, ביי די וואַסער-ברעגן,
און וואָס איז דער גנעדיקער דאַמעס באַגער? —

— מיין נאָמען איז פּאָקאַהאָנטאַס, די טאָכטער פון פּאָוהאַטאַן.
מיט מיין קרבן האָב איך דעם פאָטערס לעבן
אויסגעקויפט, פון דעם בריטישן קאַפּיטאַן;
האָט מען אין מעשיות געטאָן פאַרוועבן.

— בין איך היינט געקומען צו די וואַסער-ברעגן,
אין דער נאַכטיקער שעה, דיך צו זען,
דערקלער מיר, וואָס איך טו ביי דיר פרעגן:
וואָס איז ביי די ליכטיקע וואַסערן געשען? —

— די פּסולת וועט מען פאַרווישן פון אונדזער באָדן,
ליכט און פרייהייט וועלן פירן דעם וועג;
אין וואָלט וויטמאַנס געזאַנגען וועלן דורות זיך באָדן,
די „יענקס" וועלן היטן דעם וואַסער-ברעג.

— די „שיף פון די שטאַטן" וועט שווימען איבער ימען,
ס'וועט פלאַטערן די פאָן פון בעטסי ראָסס;
די „פיר פרייהייטן" וועלן אויפלייזן די צאַמען,
אין ליכטיקן סאַמעט-גרין וועט בליען דאָס גראָז —

— טאָ לאָמיר דאָ וואַרטן, טאָכטער פון פּאָוהאַטאַן,
ביז דער לעצטער שטערן וועט דערברענען די נאַכט.
מאָרגן קומט-אָן אַהער, דער דיכטער-פּאַרטיזאַן,
וואָס האָט דורך פייער און דורך אַש געוואונען די שלאַכט. —

# אין אַטראַן קולטור הויז

דער פּאַרנאָסטע איז געווען אַ בלויער,
אויף די ווענט האָבן חלומות געבליט.
זע: אַן אַלטער בוים אין ליכטיקן צוויט,
און אויף לייוונט — אַ געמעל אַ גרויער.

שאַגאַל דערציילט אין פאַרבן אַ מעשה:
אויפן מאַרק פלאַקערט אויף אַ יאַריד,
מיטן פידל שפּאַנט דער ליכטיקער ייד,
צו דער חופּה פירט מען אַ כלה, אַ ווייסע.

סטעמפּעניו שפּילט אויף אַ כישוף ניגון,
און רחלע טאַנצט ביזן זיבעטן חן,
אין רחלס האַרץ נאָגט אַ מסוכן געוויין,
און דאָס פידעלע כישופט דעם אייביקן ניגון — — — —

חלומות זיינען צעזונגען אין פאַרבן:
אויף איין וואַנט „דער בלייכער אַפּריטער״
אויף אַ צווייטער — יעקב מיט זיין געטלעכן לייטער,
און רות, מיט אַ בינטל פון גאַרבן.

פּרץ טויכט אַרויס פון די פלאַמען
מיטן צער פון זיינע פאַרשניטענע ברידער,
אונדזער טרייסט — זיין וואָרט, זיינע לידער,
אַ טרייסט — לדורות — פאַר די שטאַמען.

# אין פּלאַנעטאַריום

אַ קיילעכיקער הימל
איבער טויזנט קעפּ;
שטייט אויף שפּיזל-פינגער
אַן אוראַלטער אינסעקט.

שטייט אויף שפּיזל-פינגער
אַ גיבור אַן אינסעקט,
און וועט אונדז אַלע נעמען
אויף כישופדיקע טרעפּ — — — —

הייבט מאַשין אָן ריידן
מיט חכמה פון די צייטן:
באַלויכט דורך טויזנט אויגן,
פאַרבינדט אונדז מיט די ווייטן —

צינדט זיך אָן דער הימל,
מיט שטערן, מיט פּלאַנעטן;
דאָ לויכט אויף דער מילכוועג,
דאָ שווימען די קאָמעטן.

בלייכט אין אומעט די לבנה,
קריגעריש איז פּלאַנעט מאַרס;
שטרענג איז דער יופּיטער,
צעשמייכלט זיך די ווענוס.

שמועסן זיך איבער
שטערן מיט פּלאַנעטן;
ווערט אין הימל פריילעך,
עס פלאַקערן ראַקעטן — — —



שווימט אַרויס אין מזרח
אַ גאָלדענע די זון,
בלייכט דער מאָרגנשטערן,
בלייכט אַנטקעגן זון.

## ביינאַכט אין סאָבווי

אין ביינאַכטיקער שעה
צו פאָרן אין באַן,
זעט מען מיד־שווערע גופים,
שיכור פון משקה און ווייַן.

ווער עס טרינקט אין שמחה,
ווער עס טרינקט אין פּיין,
בלייאיק־שווערע גלידער —
און באַן וויגט זיי איין.

אַ יונגע מולאַטקע,
ווילד אין איר קער;
צוויי פרעמדע ראַסן
דועלירן אין איר — — — —

צווישן האַרלעם און דזשאַנגל,
צעפּירט דרייסיק יאָר, —
מען קאָן נישט דערגיין,
נישט באַגרייפן אויף קלאָר,

וועלכע ראַסע ס'האָט פאַרשניטן
אין דער מולאַטקע די רו.
וועלכע ראַסע ס'האָט פאַרפלאָנטערט
— — — צוויי טעותן דאָ?

אַ בחנטע מאַדעל,
מיט שמייכל געאיבטן;
רעדט צו איר באַגלייטער
אין שפּראַך אין געניטער —

און עלטערע פרוי
געזיכט — מיד און טרויעריק.
הענט — ציען אַראָפּ, אַראָפּ,
שווערע ווי איבעריק — — —

אַ שלאַנקער יונגערמאַן,
מיט אַ טשעלאָ אין שוואַרצן;
פאַרשפּילט האָט זיין נאַכט —
פאַר יונגע פאַרלעך אין טאַנצן.

און עלטערע מיידל —
דורשטיק נאָך ליבע,
פאָרט צוריק אַהיים
אַ באַליידיקטע, טריבע — — —

אין בלאָען געקליידט,
אַ דינער, אַ לאַנגער —
זיצט אַ שיכורער מאַטראָס
אַ טריבער, אַ באַנגער.

ער פּלאַפּלט און פּלאַפּלט —
פון שטעט און פון ימען,
פון געליבטע אויף פּאָרטן,
און פון בענקענדער מאַמען — — —

# אויף נייעם באָדן

(שאַפּלאַר)

מיט דער מורא, מיט דער שטילקייט פון אַ לאַם
בין איך צו דיר געקומען אינדזיל-מאַנהעטן;
אין דיין געאייל — פון טויזנטער געוועטן,
האָב איך זיך איינגעפּאַסט ווי איינע פון מיין שטאַם:

כ'בין אַריין אין דער משפּחה פון „בלייכן אַפּרייטער",
צוזאַמען האָבן מיר געקליידט די בני־אָדם —
געהאָרעוועט, געזונגען לידער, דערציילט פון די אבות,
חלום איז געווען — גערעדט האָבן ברידער פונם „לייטער".

האָבן זיך צוויי כוחות פאַרמאָסטן גלייך־אויף־גלייך:
די באַקליידער, די באַנייער האָבן געוואָלט מער זון, מער ליכט.
די באַלעבאַטים האָבן פאַרבראָכן קעגן דעם אַרבעטער־שיכט,
האָט די משפּחה פון „בלייכן אַפּרייטער" געשטראָמט ווי אַ טייך,

איבער גאַסן, איבער עוועניוס, דורך ליכט, דורך זון.
אין גלייכן טראָט האָט מען געשפּאַנט אויף שטאָטישן גראַניט,
איך, אַן אויפגעקלערטע — געשפּאַנט אין זייער מיט,
צווישן וויגנדיקע קאָלאָנעס אָנגעקומען צום אַרבעטער טריבון.

וואונדערלעך ז'געווען יענער וועג אויפן אינדזיל־מאַנהעטן,
וואָס האָט מיך געפירט אויפן באָדן פון עבודה;
געבענטשט ז'געווען יענער טאָג, געבענטשט יענע שעה —
ווען כ'האָב דיך דערקענט אין דיינע טויזנטער געוועטן.

נישט ווי ביילקע*), נייערט ווי די האָרעפּאַשנע לאַנע**),
צוגעשטעלט האָב איך אַן אַקסל צום שטייגנדיקן בנין —
מיט דער אַרבעט האָט זיך געליכטיקט אין מיין זינען:
די פרייד פון שאַפן בין איך זיך אַליין געוועזן מקנא.

צעשפּילט האָט זיך די אַרבעט ווי אַן אָרקעסטער,
געיאָגט האָבן הענט, ווי פלאַמען יאָגן נאָכן פונק;
גערודערט האָבן מאַשינען אין ריטמישן שוואונג: —
געשמידט רינגען אין דער קייט האָבן ברידער־אַרבעטער און שוועסטער.

*) אַ טיפּ אין פּרץ הירשביינס ראָמאַן „רויטע פעלדער“,
**) די הויפּט־העלדין אין פּרץ הירשביינס „רויטע פעלדער“.

## צו אַ דיכטערין

אין דיין טונקעלן צימער דעם קליינעם,
פיר איילן אין לענג און אין ברייט;
אויפן טיש ליגן ווייסע פּאַפּירן, —
פאַרנאַכטיקע טויבן, פליגל פאַרלייגט.

איילסט אַוועק איבער ליכטיקע גאַסן —
שמעלצסט דיין ליד אין גאָלד פון דער זון.
ליכטיקט זיך טאָג אַ טיפער, אַ בלויער,
טריפט די זון מיט פיאָלעטן־גרין.

שפּאַנסט אַריבער דיין וואָכעדיק לעבן:
מיט געזאַנג און מיט לידער עס שוימט, —
כוואַליעט דער טאָג אַ הימל מיט וואָלקנס,
זילבערנער פוך — גאָלדיק באַזוימט — — —

## פּאָרטרעט

ווי דער ערד קוגל
איז קיילעכדיק דיין קאָפּ
און טונקל — — —
ווי דער מזרח־ראַנד —
גרויס דיין קלוגער שטערן;
פּיילן־בליץ — דיינע ציגיינער־אויגן.
סודותדיק איינגעשלאָסן
זיינען דיינע ליפּן;
אין דיין שווייגן
רעדסטו הארבע רייד
צו ווייטע, בלאָע שטערן, —
בלאָע שטערן,
אויסגעלאָשענע פון יאָרן, —
שיקן ליכט אין רוים פאַרלאָרן — — — —

## פרייד פון אַרבעט

דאָס געשריי פון אַ שאַקאַל
האָט אויסגעלאָשן אַ געזאַנג, —
געבליבן ליידיק איז די באַנק,
וואו שאַפערישע־פרייד ט׳געקוואַלט.

אַ גרויער הימל האָט די „זינגערין" באַגעגנט,
רעגנטראָפּנס געזוכט האָבן איר טרער;
אַלע חושים געוועזן איין בלאָנדזשענדיק־געהער,
דער הימל האָט גערעגנט און גערעגנט.

פון וואָלקנקראַצערס האָט זיך געטראָגן ליכט, —
„ערגעץ אַרבעט מען", האָט זיך צעשמייכלט איר געזיכט.
פינגער אירע האָבן זיך געקלאַמערט
אין בענקשאַפט נאָך אַטלעס, נאָך וואָל,
באַגלייט אין געזאַנג פון איר אייגן קול —
די פרייד פון אַרבעט האָט גאָט אַליין געהאַמערט — — — —

# בעטלער

גייט אַ בעטלער מיט זיין לירע,
גייט זיין בלינדע ווייב ביים זייט;
צימבלט ער אַ בעטלער-ניגון,
צימבלט, צימבלט און ער שווייגט;
צימבלט ער אַ בעטלער-ניגון,
צימבלט, צימבלט און ער שווייגט.

גייט אַ מאָלער מיט זיין פּינזל,
צייכנט, צייכנט און ער שווייגט;
בעטלט אויס אין גאַס אַ טעמע,
בעטלט, בעטלט און ער שווייגט;
בעטלט אויס אין גאַס אַ טעמע,
בעטלט, בעטלט און ער שווייגט.

איילט אַ סוחר אין זיין יאָגן,
יאָגט ער, יאָגט אַריבער צייט:
איינצושלינגען גאַנצן האַנדל
אי פון נאָענט, אי פון ווייט;
איינצושלינגען גאַנצן האַנדל
אי פון נאָענט, אי פון ווייט.

גייט אַ דיכטער נאָך די בעטלער,
פלעכט זיי אַלעמען אין גראַם;
בעטלער, מאלער און אויך סוחר,
נאָך דריי טראָפּנס אין זיין ים —
בעטלער, מאלער און אויך סוחר,
נאָך דריי טראָפּנס אין זיין ים — — — —

## רעגן אין ניו יאָרק

עס שווימט אַ כמאַרנער הימל
איבער מאַנהעטן־שטאָט,
עס זיפּט זיך אַ דריבנער רעגן
איבער מיליאָניקן טראָט.

עס וויקלען נאַסע רעדער
שטאָטיש־אייליקן שפּאַן;
צעשווימט זיך גראָער הימל
אין פּוכיקן טומאַן — — —

עס ריזלען גרינע ליכטער,
שלענגלען זיך אויפן גראַניט,
עס גליען רויטע ליכטער,
איבער אייל־נדיקע טריט.

פאַרצויגן הענגען בריקן — — —
נעצן בענקען נאָכן פישערס הענט,
זיך דורכזיפּן דורך טייכן,
און האַלדזן פיש אין בלענד.

עס פליעסקען נאַסע רעדער
איבער טייכיקן גראַניט;
פאַרגייט זיך שטאָט אין איילן,
אין איילנדיקע טריט.

## דורותדיקע ירושה

גאָט, נעם מיך צוריק צו די טעג, די גרינע,
ווען יעדע יידישע שטוב האָט געבליט,
מיט מאַמע־לשון און מיט היימישן־געמיט.

דער ווילנער גאון, דער בעל־חלום פון אַן אייגענער מדינה
האָבן אַראָפּגעלויכטן פון געקאַלכטע ווענט;
מעשענע לייכטער האָבן אין זויבערקייט געבלענדט.

מאכלים האָבן אָן דער מאַמעס וואַרעמקייט דערמאָנט,
קינדער פלעגן המן־טאַשן, בלינצעס עסן;
ערב פסח פלעגט מען ריי׳ניקן און כשרן געפעסן.

דעם טאַטנס ספרים דערמאָנט האָבן דעם וויטן האָריזאָנט,
גאַנץ דאָס לעבן איז געווען דורך דורותדיקער ירושה —
שבתים, יום־טובים — אויפגעהיטער שטייגער און קדושה.

אַ יידיש בוך האָט נישט געשטומט אין ביכער־שראַנק:
„דר. גראָן" ט׳מען דעקלאַמירט, און „בלייכן אפּרייטער",
און דערהויבן זיך מיט יעקבס געטלעכן לייטער — — —

פון „ערגעץ ווייט" האָט זיך דערטראָגן אַ געזאַנג
אַהער, צום האָרעפּאַשנעם אינדזל מאַנהעטן,
וואו עס זיינען אויפגעקומען יידיש־ליכטיקע פּאָעטן.

גאָט, נעם מיך צוריק צו די טעג, די גרינע,
ווען יעדע יידישע שטוב האָט געבליט,
מיט מאַמע־לשון און מיט היימישן געמיט.

# דער ווייסער זיידע

ה. ליוויקן — אַ ווידמונג

דער זיידע מיט די אייניקלעך טוט זינגען און שטיפן,
פאַר שיינדלען האָט ער אויסגעבויט אַ שיף צום שיפן;

פון פּאַפּיר פאַר דודן געמאַכט אַן עראָפּלאַן,
פאַר לאהלען אויסגעמאָלן אַ בלויען פעליקאַן.

די באָבע איז אַריין זוכן דעם פאַרשטיפטן זיידן,
האָבן קינדערלעך אין שפּיל איינגעפלאָכטןביידן.

זינגען אַלע אויף אַ קול „מיט אַ נאָדל אָן אַ נאָדל"
אַ פאַרזאָרגטע קומט אַריין אין שטוב די שכנה האָדל;

ציטערט אויף אַ שמייכל אויף איר בלייכן פּנים:
ס'פאַרשווינדט די זאָרג — די געדאַכטע שונאים — — — —

ס'האָט דער ווייסער זיידע מיטן יידיש-ליד
דערפרייט די שכנה אין איר שווער געמיט.

דער זיידע מיט די אייניקלעך טוט זינגען און שטיפן,
פאַר שיינדלען האָט ער אויסגעבויט אַ שיף צום שיפן;

שיינדלס חברטעס נייען אויך מלבושים און קליידעלך,
ס'קומען אָן צו שטיפן שכנישע יינגלעך, מיידלעך.

אַרבעט מען דורכן גאַנצן טאָג,
און די באָבע שרה טוט אַ זאָג:

— לאָמיר אַרבעטן ביז זון פאַרגאַנג
און ענדיקן מיט גרויס געזאַנג:

„דאָס יידיש-ליד האָט דאָך אַלע טעמען,
דאָס יידיש-ליד זינגט מען אויף אַלע ימען.

„בעקער זינגען און באַקן ברוינע זעמל,
רייזנדע זינגען ביים אָנלאָדן די קעמל.

„פישערלייט זינגען אויף ברייטע זילבער-טייכן,
דער בעל-עגלה זינגט, און די פערדלעך פרייכן.

„דער שניידער זינגט, ס'העלפן אים די געזעלן,
די שניידעריכע זינגט — צעשמייכלען זיך די שוועלן.

„אויף דער גרויער נאַרע אין סיביר אין קאַלטן,
ביזן ליכטיקן ישראל, אין קיבוץ דעם אַלטן, —

„זינגען בויער און קוויקן זיך מיטן יידיש-ליד,
זינגען פלאַנצער און ווערן נישט מיד — — —

„דער שמיד זינגט — צעשפריצן זיך די פונקען;
דאָס יידיש-ליד האָט מען אין געטאָ אויך געזונגען.

דאָס יידיש-ליד האָט דאָך אַלע טעמען,
דאָס יידיש-ליד זינגט מען אויף אַלע ימען.

# אין ביבליאָטעק

מיין גלויבן איז ווייסער פון שניי,
נאָך די אַלע עלנטע הונגער־טעג — — —
הינטער זיך געלאָזן פראָסטיקן וועג,
און אויף טרעפּ צווישן לייבן צוויי,
געשפּאַנט אַרויף, אַרויף. אין היכל
גייסט פון נביא רוט מיט גענטלעכן שמייכל.

ביכער קוקן אַראָפּ מיט חכמה פון די צייטן.
מיינע פינגער, דערוואַרעמטע, צינדן זיך ווי אַמאָל:
ס׳לויכטן אויף טעג — לויטערער קרישטאָל;
געקומען אַהער בין איך פון ווייטע ווייטן.
ס׳טויכט פאַר מיר אויף מיין היימישע שוועל,
אין בענקשאַפט זע איך זיך — אַ צעשראָקענע גאַזעל.

אין ביבליאָטעק, ביים לאַנגן דעמבענעם טיש,
פלאַטערן בלעטער, ביכער מען מישט, מען לערנט;
אַן אַלטיטשקע, דער זילבער־ווייסער קאָפּ פאַרקלערט;
אַנטקעגן איר אַ שוואַרץ־חנעוודיק מיידל יונג און פריש;
איבער האַמלעט און אָפעליע פיבערן אירע פינגער —
„וואָס האָט געמיינט מיטן ,שאַרבן׳ דער אַלטער זינגער?"

אויף ווייסע מירמלנע טרעפּ שפּאַן איך שוין יאָרן;
מאַיעסטעטישע צוויי לייבן דרימלען ביי דעם וועג.
אין דמיון קומען אויף יונגע, פאַרחלומטע טעג, —
און זע — דאָס בלומען־פעלד דורכגעשטאָכן האָט אַ דאָרן —
ביים דעמבענעם טיש זיצט ניט מער יענע אַלטינקע פרוי,
דער קאָפּ פון שוואַרץ־חנעוודיק מיידל בליט שוין אויף גרוי — — —

## בין השמשות

אַזוי־פיל אומעט און פרייד
איז היינט פאַרנאַכט געפלאָסן.
מענטשן אין יום־טובדיקע רייד —
אין ליכט און גרין פאַרגאָסן.

פרויען אין צאַרטן טרויער,
מענער פאַרהוילן אין שווייגן;
טאָגליכט אויף הויז און אויף מויער,
נאַכט־שאָטנס שטייגן און שטייגן — — — —

שטיל געפעכט צווישן טאָג־און־נאַכט,
ליכט און שאָטן וויקלען וואָלקן־זיילן;
פאַרנאַכט — אַ מוטער־פויגל וואַכט:
טראָגט זיך צום נעסט אין איילן — — — —

## מעבלירטע צימערן

אומעטיק שטיל־שטום איז אין הויז,
מען הערט קיין מענטשן ריידן, לאַכן,
אַפילו ניט דאָס שאָרכן פון אַ מויז.

עלנטע, מידע מיידלעך קומען,
אין צימערן אין קליינע זיי פאַרשווינדן,
אין שאָטנדיקע ווינקלען זיי פאַרשטומען.

## טרעבלינקע אַש

אומעט אין די אויגן,
שווער איז איר געמיט;
אַ הונגער איז פאַרצויגן
אין אירע וואָגל־טריט.

שפּאַנט זי אום אַ מידע
איבער מאַנהעטן־שטאָט,
צווישן דיכטער־ברידער
שטעלט זי אָפּ איר טראָט.

און הערט אין זייער שמועס
אי שטורעם, אי געזאַנג, —
איינער זאָגט נביאות:
„ס'וועט אויפגיין אַ געזאַנג,

„דאָ, אויף מאַנהעטן־אינדזל,
פון שבטים טונקעלע און העל'
אין וואָרט און אויך אין פּינזל,
אויף רוישיק יונגער שוועל".

אומעט אין די אויגן:
טרעבלינקע־אַש באַשווערט;
אַ טרויער איז פאַרצויגן, —
פון גורל איר באַשערט — — — —

אייביקער רעגנבויגן
שטאַרקט אויף נייעם וועג,
דאָס סיני־ליכט פאַרצויגן
איבער אירע יונגע טעג — — — —

## ביים האָדסאָן פאַרנאַכט

ווי אַ דרימלענדיקער לויתן
ליגט איצט דער האָדסאָן-טייך,
באַרזשעם
שלעפּן פאַרנאַכטיקע שאָטנס.
כוואַליעס פאַנגען לעצטע זון-שטראַלן,
אַ מילדער ווינט
צעציטערט אַ „ים" מיט שאָטנס
און ווייסע שיפעלעך אויפן האָדסאָן-טייך.

צוויי שטאָטן האַלדזן די ברעגן פון האָדסאָן;
ניו-יאָרק, ניו-דזשוירזי גיבן זיך אָפּ שלום.
בריקן, טונעלן —
אַקסלען פון גיבורים,
טראָגן אוצרות,
טראָגן שטאָטישן יאָך.
צווישן בערגלעך אוןביימער
וויגט דער שפּיגל-טייך
העברי האָדסאָנס חלום — — —

**פאַרנאַכט**
שלייכן מענטשן ביים האָדסאָן,
אין הערצן בענקשאַפט, ווייטאָק און חלום.
ביים האָריזאָנט
שמעלצט די זון אירע שטראַלן
אין אַלע פאַרבן צום פאַרגיין — — —
אין האָדסאָן-טייך — —
נאָך אַ טאָג ווערט פאַרפאַלן — — —

## אַ נעשיר וואַשער

קרום פאַרשניטן,
זיינען דיינע אויגן
אונטערן שטערן.

הויכע באַקן-ביינער
שטויסן זיך דורך
געלער הויט.

אַ פאַרשוויצטער שטייסטו איינגעבויגן,
אין אַ צעבער מוטנע וואַסער
אַדערדיקע הענט געצויגן.

יאָגן זיך שליימיקע פינגער
נאָך ווייסע, פעטע טעלער,
ווייקן זיך אין ברודיק וואַסער דיינע פינגער.

דין פאַרשניטן זיינען דיינע ליפּן,
שווייגנדיק טראַגסטו, —
מיסטעריעזע מזרח-שטילקייט
אין דיין געל, פאַרוואָגלט לעבן — — — —

## אַ פאַרנאַכט

ס'איז דאָ אַזויפיל טרויער
אין דער זילבער-ווייסער פרוי,
אינם אַשיק-גרויען הינטל, אין
פאַרנאַכט וואָס גוססט בלוי — — — —

## פאַרשניטן

דין —
אָן אָפּגעבראָכן
רוט.
טראָגסט זיך
איבער גאַסן
גרינג
אין דיין שווער
געמיט — — —

שוואַרצאַפּל
אין דיין אויג,
פאַרלאָרן אין אַ שטרייף.
וואונק —
וויעס ציטערן
אין שרעק,
ביטער שמייכל
אַרום ליפּן ברעג — — —

דין —
דו אָפּגעבראָכן
רוט, —
פאַרשמייס דעם
גאָלדענעם פאַרנאַכט,
פאַרשמייס די האַנט
וואָס האָט אַ צווייג,
צעשטערט — — —

# באַלונס

דער אַלטער ענטאָני האַנדלט מיט באַלונס;
ער קומט צו דער שטאָטישער שול, —
ענטאָני וואַרט, ער ציילט די באַלונס.
מיט קינדערשע געלעכטערס די גאַס ווערט פול;

ווי אַ רווישיקער טייך זיי שטראָמען
צו ענטאָני, דעם ליבן „גרענדפּאַ".
פרעדי בעט עפּעס, אָן אַ נאָמען,
טאָמי וויל אַ באַלון אַזאַ — — — —:

וואָס זאָל ציען איבער די דעכער
און דעריאָגן זיין פאַרפלויגן „קענערי."
בען וויל זיין באַלון זאָל פליען העכער
פון טאָמיס און פרעדיס און דעניס — — — —

ענטאָני צווישן קינדער ווערט יינגער,
ער פלאַפּלט און ער לאַכט מיט זיי;
ענטאָני סדרט זיין סחורה פלינקער,
און פאַרקויפט עס איינס און צוויי.

די גאַס שוועבט אין קאָלירטע באַלונען,
קינדער צעטראָגן אַ פריידיק געזאַנג;
יעדער באַלון לויכט מיט זיבן זונען.
„סאָלאָ מיאָ" זינגט דער אַלטער אין זיין גאַנג — — — —

דאָס געזאַנג דערמאָנט אים אַ פרימאָרגן:
אין סיציליע מיט פרענסי אין אַ גאָרטן;
אַנטקעגן שווימט זייער אַ יוגנט-פרימאָרגן, —
אַ ליכטיקער, אייביקער באָרטן — — — —

מיט מאַטראָסן זיך געלאָזן איבער ימען
און פאַרגעסן פרענסי אין יענעם ליבע-פרימאָרגן,
זי, היט די פרייד פון אַ פאַרשעמטער מאַמען, —
ענטאָני טראָגט אין האַרץ די וואונד פאַרבאָרגן — — — —

## וויגליד

קוק איך —
אויפן ציפער־בלאַט פון זייגער,
איך צייל רגעס, מינוטן און די שעה.
מיין פרייד וויל איך נאָך מיט איינעם טיילן — — — —
איך וואַרט, איך וואַרט — ער איז נאָך נישטאָ.
ליולינקע מיין קינד, ליולינקע מיין קינד.

דיין טאַטע —
איז אַוועק באַפרייען זיין אַ סך
אין דער גאָרער וועלט.
פאַרלאָזן האָט ער מיך:
מיט איין זון — אויף מיינע הענט — — — —
ליולינקע מיין קינד, ליולינקע מיין קינד.

שווער געמיט —
אַקערט דורך מיין מוח, מיין האַרץ
דערפריי איך אין דיינע אויגן בלאָ.
מיינע אַלע חושים טובל איך
אין דיין אָטעם, איך בענטש, איך שילט די שעה — — — —
ליולינקע מיין קינד, ליולינקע מיין קינד.

# אַ מעבל פּאַרקויפער

פּעסל־קײלעכדיק, מיט אַ רייפל
אַרום די היפטן,
קייקלט ער זיך שווער,
ווי מיט בליי געלאָדן,
צווישן מעבל צום פאַרקויפן.

דעמביג בּרייטע אַקסלען,
אַ שמאַלציק רויטער קאַרק,
האַלט אויף אַ פלאַכן קאָפּ
מיט אויגן פּוסט פון בליק —
צווישן מעבל צום פאַרקויפן.

שטומע שטולן שטייען
ליידיק זיינען בעטן,
אין קעלער און אויפן בוידעם
געפאַנגענע וועלדער שטייען —
מעבל צום פאַרקויפן — — —

האָליץ געהובלטע —
מיט פינגער געבויגענע און מוסקולן,
אין די קוויטן פון דער מעבל־אַרבעט
— פאַנטאַזיע איינגעקאַרבט —
מעבל צום פאַרקויפן — — —

דורך שפּאַרעס אין די דעכער
רינט אַריין דער רעגן,
ברעכן זיך דורך זונען־שטראַלן
— געקוועטשטער רעגנבויגן —
צווישן מעבל צום פאַרקויפן.

אונטערן סטעליע אין קעלער
שפּינען מיט שפּיזל־פינגער
וועבן צוזאַמען שטויבלעך,
פאַרשפּינען ווינקלען היימלעך —
צווישן מעבל צום פאַרקויפן.

## טונקלהויטיקע אַרבעטאָרין

אַ פאַרפוצטע אין דיין דזשאַנגל היים
מיט נאָזבאַנד און מיט פייקל, —
פלעגסטו זיך געבן אַ צעטראָג,
מיט דיינע האַוואַיעס אַ צעקייקל — — — —

איז געקומען ווייסער מענטש
און דיך באַפרייט פון דזשאַנגל.
האָט זיך דיין וועג אויסגעלייגט:
אַ לעבן פון פינצטערניש און מאַנגל.

אין דער ייִנגסטער שעה פון טאָג,
קומסט אין פרעמדער שטוב אַריין;
גיסט אַ הורבע־אויף דאָס בעטגעוואַנט,
צירסט פענצטער און די שפיגל ריין.

אין די ווינקלען נישטערסטו און זוכסט
אַ שטויבל, — דאָ, און דאָ, און דאָ.
די ווירטין מיט מאַנעקירטע נעגל —
פליקט אַ לאַנגווייליקע שעה — — — —

# דזשאַן בראַון

דין ווי אַ ליד, געקוועלט
האָט אין הארצן, אין דזשאָנס,
דאָס געוויין פון די נעגערס.
קלאָר ווי מאָרגן-טוי, געגליט
האָט אונטער שטראַלן פון דער זון,
דער פלאַמיקער רוף פון דזשאַן בראַון.

מיט זיין קאָמעטן-באָרד,
געטאָן האָט ער אַ פּאָך
אין דער געדעמפּטער לופט, —
זיינען אָנגעקומען זין פון לאַנד
צו וועקן און צו מאָנען:
די שקלאַפן צו באַפרייען
פון שענדלעכן יאָך.

די ערד געאָטעמט האָט שווער
אונטער די טריט פון די שקלאַפן.
קינדערלעך מיט שווארצע באַרשטן-קעפּ
זיינען געוואַקסן אין שטאַל מיט סקאָט;
זייערע גרויסע אָליוו-אויגן,
האָבן געלערנט ביים הירש
צו שפּרינגען און צו לויפן — — — —

העדזשעס און ביימער
געדינט האָבן געטריי — —
געשיצט דעם קאַפּיטאַן
און זיינע אַבאָלישאָניסט חיילות.
דזשאַן בראַונס פלאַמיקער רוף
האָט געצונדן און געוועקט
דאָס הארץ פון דער וועלט — — — —

לאָרדן פון ביינוול־פּלאַנטאַציעס
האָבן אין בלוט דערטרונקען
אויפשטאַנד אויף „האַרפּערס פערי",
האָבן זיך שטערן געצונדן — באַלויכטן
דעם וועג פון דזשאָן בראַון, —
וואָס האָט פון דער תליה געזונגען
דאָס ליד פון נעגער באַפרייאונג — — — —

## פּ אַ ר ז י י

וואו מענטש האָט פּאַרזייט אַ קערן, —
אויף יעדן וועג אין דער גרויסער וועלט;
גייט עס אויף אין גוטסקייט און עס העלט,
מיט דער גאָב פון גאָטס ליכטיקע שטערן.

## פרילינג

מיט זילבער־שטראַלן צייכנסטו די וועלט,
דורך ווינט און קוואַלן זריעות אָנגעקוועלט.

שמייכלען קנאָספּן, ווי קינדער־ליפּן,
זון מיט גאָלד־ליכט טוט זיפּן, זיפּן — — — —

# גאָטס קינדער

שוואַרצע קינדער, ווייסע קינדער,
באָדן זיך אין טייכן,
אין וואַסער שטיפן קינדער,
ווער קאָן זיך צו זיי גלייכן ?

שוואַרצע קינדער, ווייסע קינדער,
שפּילן זיך אין גאָרטן,
פון זאַמד מאַכן קינדער
ברויט, קיכעלעך און טאָרטן.

טאָמי לאָזט זיין עראָפּלאַן
ביז די הימלען ציען,
יאַנקל וויל זיין פּעליקאַן
זאָל אין הימל פליען.

אסתר זינגט אַ יידיש ליד ;
„קאַם, דאַון מאָזעס" זינגט דזשאָני,
מיט אַ טענצל אין דריבנע טריט
ענטפערט דער צעשטיפטער טאָני.

שוואַרצע קינדער, ווייסע קינדער,
לערנען אין די קלאַסן :
לימודים שטאַרקן גייסט פון קינדער
אין גלייכהייט פון די ראַסן — — —

# אין מעמאָריאַם

אין האַיד פּאַרק איז שטיל, ווי אויף אַ בית-עולם,
דער גלאָק אונטערן דאַך איז שטום.
דאָס בערגל ערד וועט מען געדענקען לעולם, —
אַזוי שאָקלט-צו מיטן קאָפּ אַ כרעזאַנטעמע-בלום.

די לבנה טריפט מיט ליכט, ס׳פּליסטערן די בלומען,
דאָס בערגל ערד דעקט אָפּ פון זיך די גראָזן.
נאַכט, לאָמיר זיך אונטערהערן ווער ס׳דאַרף היינט קומען,
צוליב וועמען דער נפטר וועט דאָס אָרט פאַרלאָזן?

קראַנצן זיינען דורכגעפלאָכטן מיט לבנה-שטראַלן,
בלומען זיינען אָנגעזאַפּט מיטן אומעט פון די שטערן;
זע, שאָטנס ציען זיך אַהער, אויפן גראָז זיי פאַלן,
אין רויש פון איילנדיקע טריט טראַפן הימל-טרערן.

אָט בויגט זיך אַ געשטאַלט, אָט הערן מיר אים ריידן:
— דיין פּנים, זון, איז מיד און פול מיט קנייטשן, —
גלעט אים אייבראַהעם לינקאָלן מיט גוטסקייט פון גן-עדן
און פאַרווישט די זאָרגן, און גלעט אוים די קנייטשן.

ביים האָריזאָנט איז טונקל, טוליעט זיך די נאַכט,
ביימער וויגן אַ הללויהדיקן לויב-געזאַנג;
בלומען פליסטערן אַ תפילה אין דער נאַכט,
שטערן לעשן זיך — אַן אויסגעלאָשן לעבן-באַנג —

ס׳פאַרשווינדט די נאַכט, ס׳וואַכן-אויף די בלומען, —
זי לאָזט אונדז איבער מיטן אומעט פון בית-עולם,
אין האַיד פּאַרק וועלן דורות צום ראשם קבר קומען, —
די מעשה פרענקלין ד. רוזוועלט דערציילן וועט מען לעולם.

# אין קריג

די יענקס — מיט אַ ברכה

זין פון מיין גאַס זיינען אַוועק אין קריג —
בענקט דאָס פעלד, דער טייך, די שפּיל,
נאָך די זין וואָס זיינען אַוועק אין קריג.

גייט אויף די זון יעדן טאָג, ווי געווען —
שפּרייט גאָלדענע ליכט אין דער שטיל,
טוט די מאַמע איר טואונג — ווי זי קען — — — —

דער טאַטע איילט אוטער אין זיין טראָט:
„גאָט, ערשט נעכטן איז ער קינד געווען,
היינט, ווי אברהם, כ׳נעם אָן דאָס געבאָט, —

מיין קינד אין דיין האַנט גיב איך אָפּ:
באַווייז דעם וואונדער — דער נס זאָל געשען,
זאָלסט וואַכן איבער מיין זון — דיין גאָב״.

זין פון מיין לאַנד זיינען אַוועק אין קריג
מיטן שונא וואָס האָט געצונדן די וועלט;
בענטשן מיר — די זין זאָלן קומען צוריק, אמן.

# טעג פון מורא

צעבליט איז מיין גאַס ווי אַ קווייט,
אין יום-טוב הילט זיך דער טאָג;
מיר דוכט גאָט אַליין איז היינט דערפרייט
פון קינדישן געלעכטער אויף מיין ראָג.
צעגרינט איז אויך דער אַלטער וואַלד,
אין פעלד דער קאָרן זינגט מיט זעט.
דאָס האַרץ פון ערד מיט ליבע קוואַלט.
די מענטש! הייליק דאָס ווי אין געבעט.

גרויל האָט זיך צו מיר דערטראָגן
דאָ אין יום-טוב אויף מיין גאַס: —
קינדער טויט מען פון היים פאַריאָגן,
לענדער ווערן חרוב פון מענטשן-האַס.

אין טעג פון מורא, ווען ס'פאַלן די יסודות,
אַ, גאָט! — שווער פון חורבן זיין דער עדות.

## אויף אַמעריקאַנער וועגן

דורך די בערג די בלאָע,
דורך די פלאַכע פלוינען
זע איך קינדער וואָגלען —
פאַרגליווערטע געוויינען — — — —

אין פראַכט־וואַגאָנען בלינדע,
צווישן זעקלעך ווייץ און מעל ;
פאַרקנוילטע זיצן קינדער,
פון הונגער־בייטש און קעלט.

אין ווינגדיקע באַנען
דרימלען קינדער איין ;
און חלומען פון מאַמען,
פון שוועסטער און פון היים.

פון מילך און ברויט מיט פוטער,
פון אַ „קאַיט" איבערן קאָפּ —
פון זילבער־ווייסע אייער,
וואָס קייקלען זיך אַראָפּ — — — —

קייקלען זיך די רעדער
אויף שינעס מיילן ווייט ;
און יאָגן אָן נאָך קינדער,
וואָס גייען זייט ביי זייט.

אין מחנות וואָגלען קינדער,
אויף וועגן ברייט און פרעמד, —
אין לאַנד פון טויזנט אינדזלען
קרייזט דורך די זון פאַרשעמט — — — —

# הילדאַ רובין

טענצערין וואָס איז פאַרחלשט־געוואָרן
אין אַ הונגער־סטרייק אויף דער
„דאָבליו־פּי־עי״

טאַנץ הילדאַ, טאַנץ!
טאַנץ אוים דאָס ליד פון זאַטע פעלדער,
פון פלימוטה און פון „ספּענגלד בענער״.
טאַנץ אוים דאָס ליד פון פּילגרים־מאַלצייט,
פון לינקאָלן־גייסט און ראַסן איינהייט — — —
טאַנץ אוים דאָס ליד פון בערג די בלויע
און פלאַכע פלעינען זאַט מיט תבואה — — —
טאַנץ הילדאַ, טאַנץ!
טאַנץ אוים דאָס ליד פון מיסיסיפּי
און דאָס ליד פון שטאָל און מינע,
טאַנץ אוים דאָס ליד פון וואָלקן־קראַצער
און דאָס ליד פון „הואווער ווילע״ — — —
טאַנץ אוים פאַרמעסט פון קלאַס מיט קלאַס,
דאָס לעצטע סטראָף אַליין פאַרפאַס — — —
טאַנץ הילדאַ, טאַנץ!

# טויבן, מענטשן, עלנט

אין ברייענט פּאַרק צווישן בלומען-בייטן
מענטשן קרייזן, קרייזן ;
אַרום פאָנטאַן פלאַטערן טויבן
און וואָרקען, וואָרקען — — — —
טיילן מענטשן
זערנעם מיט עלנט —
און שמייכלען, שמייכלען ;
שלינגען טויבן
זערנעם מיט עלנט —
און וואָרקען, וואָרקען — — — —
שפּריצט פאָנטאַן לויטערע טרערן
צום אָפענעם זילבער-באַסעין ;
שטראַלן פון זון שנירלען די טרערן
אין גינגאָלד פון זילבער-באַסעין — — — —

# אויפן אינדזל מאַנהעטן

אַנפאַרטרויט האָב איך דיר, אינדזל מאַנהעטן,
מיינע אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר, פון דער ליטע מיין אומעט.
דיין רעגנבויגנדיקער שטראָם, דיינע טויזנטער געוועטן — — —

ביז היינט לאָקן מיך אַלע דיינע זיבן חנען:
דו, וואָס כאָוועסט אויס אין האַרץ אַ ליכטיקן אומעט,
דו פאַרשעמסט, דו דערפרייסט זיבן מיליאָן אַליינען — — —

דיינע געביידעס — אור־חיות שטרעקן זייערע העלדזער אין חלל —
גיבורים טראָגן אויף זייערע אַקסל דורותדיקע מי;
פיאָנערן האָבן אויסגעהאַמערט אָט־דעם וואונדער חלום.

אין דיין רעגנבויגנדיקן שטראָם, אינדזל מאַנהעטן,
האָבן זיך מער ווי איינמאָל געבראָכן מיינע מידע קני — — —
ווען דער בויער ווערט אַ „נול" אין מיטן פון דיינע טויזנטער געוועטן.

איבער דיינע עוועניוס, צווישן דיינע וואָלקנקראַצער,
געזוכט האָב איך דעם גייסט פון לינקאָלן דעם באַפרייער — — —
איז ווער פאַרמאָגט די נחלה און ווער איז דאָ דער שאַצער?

## טרייענגל פייער *)

דער גן־עדן פון די רייכע איז געבויט
אויפן גיהנום פון די אָרעמע.
—וויקטאָר הוגאָ

### אין שאָפּ

#### א

אין פרימאָרגן שלינגען ווינקלען
שטיקער שאָטנס פון דער נאַכט,
שטיל, געלאַסן ווי אַ קעצל,
שיינט אַריין די זון און לאַכט.

קומען מיידלעך — פול חלומות,
מיט פרישע כוחות, אויסגערוט;
שטייען קוישלעך אָנגעלאָדן
און מאַשינען אין דערוואַרט.

שאַלט דאָס פייפן פון דעם פאָרמאַן,
בלינד הייבט אָן דער מאָטאָר ברומען,
קלאַפּן שטומפּיק פרעס און אייזן
און די רעדער פון מאַשינען.

גרילצן שנייד־מאַשינען בלאַנקע,
רעדל־מעסערס שניידן וואַרע,
און די הענט זיי כאַפּן אונטער,
ווייסע צייכנס ליגן שטאַרע — — —

## אָנהויב טאָג

מיידלעך הייבן אָן דעם טאָג,
מיט ניט דערהערטע רייד, מיט הענט
מיט אייגענע פאַרנייען נאָך אַ טאָג.

זילבער־בליץ אויף רעדער פון מאַשין,
מיידלשע הענט אויף זייד, אויף ליין,
בלענדן אין זילבער־ווייסן געשפּין — — — —

ווי אַ פאַרשנייטער פעלד,
געהילט דער שאַפּ איז אין ווייסן,
אין געאייל ט׳זיך אָטעם אָפּגעשטעלט.

יאָגן מיידלעך מיט פיבער־פינגער,
שטעפּן פעלדלעך, שטעפּן נעט — — — —
ציט זיך טאָג, ווי אין פעלד אַ בלינדער.

## סאָפי

סאָפי קומט אין שאַפּ אַריין
מיט עדעלשטאַט אונטערן אָרעם, —
אין קלייד אין טונקעלן, מיט ווייסן קראַגן,
האָר שרונטיק־גלאַט אַרויפגעקעמט.

ביכער, שרייבער אַנדערע
זיינען איר ווייט און פרעמד:
באָוושאָווער און עדעלשטאַדט
נאָענט, ווי אייגענע צוויי הענט — — — —

צוליב „עלאַ״ און „פּעראָווסקאַיאַ״
פאַרגיסט זי טייכן טרערן, —
דורך ליד פאַר דער באַפרייאונג
אירע קאַמפן שטאַרקער זיי ווערן.

## אַן אַפּרייטערין

ווי אַ פֿרעג־צייכן זיצט זי
איבערן מאַשין געבויגן;
שטעפּט און שטעפּט, —
טעג אין נעט אַריינגעצויגן.

אירע פֿלינקע פֿינגער
האָדעווען אימפּעט פֿון מאַשין,
אויגן אירע פֿאָלגן נאָך
בלינדן יאָג אין ניט געפֿין — — — —

אָנגעגורט ווי קאָזאַקס פֿערד,
יאָגט מאַשין אירם אין געיעג, —
ווער האָט עס דאָ געפֿאַנגען
אירע כּוחות דורך די טעג?

## זכרונות

### 1

אויף סטעפּ אויף ברייטן
פאַרטראָגן איז איינע, —
אין אוקראַאינע אין ווייטער
זי זעט זיך אַ קליינע;

דאָס פעלד אַ צעבליטער
אין רחבות אין גרינער,
עס שורשעט דאָס לייוונט
ווי אויף בלומען די בינען — — — —

אויף אוקראַינער פעלדער
געשפּינט דאָרט איר גליק, —
זכרונות כישופן ווי וויינען,
ברענגען די יוגנט צוריק — — — —

איצט, שטעפּט זי און שטעפּט
און זינגט דאָס אַלטע לידל, —
„נעכטנס פירן אויף גילדענע טרעפּ —
עליע־קלעזמער שפּילט אויף זיין פידל — — — —"

## 2

אין ליטווישן שטעטל
די צווייטע געדענקט זיך:
אַ „פֿאַרשריבענער” בלאַט,
און פֿאַרווישט אַזוי גיך — — — —

אין סודות פֿון וועלדער
הערט זי רוישן אַ קול —
הערשל דעם גאַרבער
הערט זי ווידער אַ מאָל.

ער טענהט מיט יונגען,
דערציילט, קלערט זיי אויף;
דורך ליד און געזאַנגען,
צום קאַמף איז זיין רוף.



אין מוסלין, אין לייוונט,
עם פֿלאַטערט אַ קול, —
צעשווימען זיך הימלען בלאָע,
אין אומעט גרויט דער טאָל — — — —

## סיציליאַנער טעכטער

אין שוואַרצן געקליידט
אין מידות פון זייער לאַנד;
פאַרחלומטע אויגן אין נעפל,
אין גלידער גלאָקן געקלאַנג — — — —

ווי נאָנעם געבויגן
איבער כוואַליענדיקער מי,
די מוטער אַנדזשעלינאַ
און די טאָכטער מאַרי.

זינגען סיציליעם טעכטער
פון זונען אונטערגאַנגען:
„אָ, סאָלאָ מיאַ“, אָ, זון פון זונען,
ווער האָט אונדז דאָ געפאַנגען?

„פונם סאָד מיט בלומען,
פונם פעלד מיט זאַנגען,
און געטלעכע געזאַנגען,
‚אָ, סאָלאָ מיאַ, — אָ, זון פון זונען‘.“

## פּאַניקע

### ב

ווי פּיראַטן באַפאַלן
אַ שיף אויפן ים, —
אַזוי האָט פייער אַרומגעכאַפּט
טרייענגל־שאַפּ אין פלאַם.

שטויסן זיך וואָלקנס רויך
דורך דיל און דורך ווענט;
מיידלעך שרייען יאָמערלעך
פויסטן זיך די הענט.

קנוילן זיך סמיקע רויכן
און שטויסן פייער־מבול;
קליידער בריען לייבער — — — —
הוליעט אשמדאי — מחבל.

געצונדענע מיידל־קעפּ —
אימהדיקע שטורקאַצן;
פייער־צונגען לעקן אָטעם,
פּלאַקערן, פּלאַקערן שטורקאַצן — — — —

פלאַמען־צונגען צינדן זיך,
בויכט זיך רויך אין קנוילן;
אויגן שפּאַרן זיך פון קאָפּ,
קולות לעשן זיך אין גרוילן.

ליילעכער־פלאַמען האָבן פון זיך
פלאַכעס גלוטיקע פאַרלאָרן;
צום טויט זיינען געשפרונגען
טעכטער אין די יונגע יאָרן.

פאַרצוקט האָבן פלאַמען
מענטשלעך מאַרך און געביין;
חלומות אויסגעלאָשן — — —
אייביקער צער און געוויין.

### איין טאָג אין שאַפ

עטל, די שלאַנקע די בלאָנדע
איין טאָג האָט געאַרבעט אין שאַפ —
אַ זינג־פויגל — יונג, ניט געצאַמטע,
אַ פאַרברענטע געפונען ביים שאַפ.

אַ קמיע אויף אַן אייזערנעם קייטל,
דערציילט האָט פון עטלם געדעך;
די בלאָנדע, די ליכטיקע עטל,
ז'געלעגן אַ שווארצע ווי פעך.

## אַ בריוו

„וואָס זאָל איך דיר זאָגן,
וואָס זאָל איך דיר שרייבן;
ברכה מיינע טייערע —
אַ רים וועט שוין פאַרבלייבן:

אונדזער איינציקע טאָכטער,
אונדזער טרייסט ז׳פאַרלענדט,
אויפן מזבח אָפּגעגעבן, — — —
יונגערהייט פאַרברענט.“

## 147

אין אבלות די שטאָט איז געהילט:
147 לעבנס אויפן מזבח פאַרברענט,
מאַמעס האָבן אייגן געביין ניט דערקענט,
אויף אייביק זייער קול פאַרשטילט — — —

אַ פּראָצעסיע איבער גאַסן געצויגן,
שוואַרץ געוועזן איז דער טויטן־וועג, —
אָרונס מיט אויסגעלאָשענע יונגע־טעג,
אין פיבער געצונדן זיינען מאַמעס אויגן.

שוואַרצע טיכער איבער רוקנס פון פערד,
אין טרויער מאַרשירט האָבן יונג און אַלט;
אבלים נאָך די אָרונס — אַ גייענדיקער וואַלד,
אונטער טריט פון חתנים געוויינט האָט די ערד.

מלאכים האָבן שוועסטער־קבר איינגעהילט אין שוואַרצע־פליגל,
דינער פון מולך פאַרמשפּט אונטער אייביקן פייער־זיגל — — —

## דורך אויגן אין פיבער

מיט נעגל פארשפּיצטע
זי פליקט אירע קליידער;
דורך ליפּן אין ציטער
שילט זי כסדר.

א באָרוועסע טאַנצט זי
מיט שיך אין די הענט;
זי וויינט אין געיאָמער:
„מיר ווערן פאַרברענט."

זי קוקט אין דער ווייטקייט,
דורך אויגן אין פיבער;
געהילטע אין פלאַמען
זעט זי די שטיבער — — —

## די פּאַרליידי קלאַראַ

צווישן מוסלין און לייוונט איז קלאַראַ געוואַקסן,
דעם שאַפּ האָט זי דערקענט אין אירע יונגע טעג;
האָבן זיך יאָרן געשלעפּט ווי געלאַדענע אָקסן,
ביז העלישער פייער האָט פאַרשרפעט דעם וועג.

איצט קוקט קלאַראַ דורך פאַרחלשטע פינגער:
הענט איבערן פּנים, ווי צום בענטשן ליכט;
שוין צום וויפלטן מאָל ציילט זי אירע פינגער,
און פירט דעם שגעון צום אויסגעלאָשענעם געזיכט?

פלוצים טויכן אויף הויכע ווענט — — —
אָט איז דער שאַפּ, אין טומל, אין געזאַנגען;
זי שמייכלט שטיל און לאָזט אַראָפּ די הענט:
אַנדזשעלינאַ זינגט פון זונען אונטערגאַנגען — — —

אָט כוואַליעט דער שאַפּ מיט שפּיצן, מיט העמדער,
פעלדלעך שטרייפן אין גלייכע ווירעם, —
און קלאַראַ זיצט מיט האַרץ מיט פאַרקלעמטער:
פאַר איר האָבן ניט געשפּילט קיין פידלען, קיין לירעס.

עם טאַנצן קוישלעך — פול מיט כלה־מתנות,
עם פלאַטערט קאָנפעטי, מיידלשע אויגן בליצן;
נאָר, — מיטן אומעט פון טויזנט סכנות
איז קלאַראַ ביז היינט געבליבן זיצן — — —

צווישן מוסלין און לייוונט איז קלאַראַ געוואַקסן,
אין שאַפּ האָט זי געבראַכט אירע ליכטיקע חלומות;
יאָרן האָבן זיך געשלעפּט ווי געלאַדענע אָקסן
ביז פייער האָט צעעפנט גלוטיקע תהומות — — —

# אַ געבעט

מיין טרער איז געוואָרן מיין שפּייז
טאָג און נאַכט.
תהלים מב־4

דיין קבר, מאַמע, האָב איך ניט באַטראָטן,
אויפגיין זע איך דיך אין מיין געמיט;
שטיל שפּאַן איך נאָך פאָרכטיק דיינע טריט
און טובל מיין עלנט אין דיין שאָטן — — — —

אָ, מאַמע, הייל מיין פאַרוואונדיקט האַרץ:
כ'זאָל קאָנען אָפּהיטן די לעבעדיקע קברים צוויי,
די האַנט פון גורל זאָל אָפּווייכן די קללה פון זיי
און אויסשיילן זייערע לעבנס פונם חושך־שוואַרץ.

יעדע זעמדל וועט מיר נאָענט זיין און הייליק,
נייגן כ'וועל מיין קאָפּ פאַר יעדן בערגל ערד;
צו די הימלען וועל איך טאָן בליקן גנעדיק
ווען מיין רצון, מאַמע, זאָל ווערן דערהערט.

אָ, אפשר וועט מיין האַרץ טאָן פרייד פאַרנעמען,
וועלט וועט אויפלויכטן פאַר מיינע מידע ברעמען — — — —

---

*) טרייענגל־פייער, געשען אַפּריל 25, 1911, אין ניו־יאָרק, 147 מיידלעך זיינען פאַרברענט געוואָרן.

## דריי ניגונים

צו פיר יאָר האָב איך פאַרנומען ביטערע רייד:
„קישינעווער פּאָגראָם, „שחיטה־שטאָט׳,”
דאָס האָט אָפּגעטאָן פון מיר
מיין קינדישע פרייד —
דאָס געזאַנג, דאָס ליד:
„אויפן פריפּעטשעק ברענט אַ פייערל”.

כ׳האָב פאַרלאָזט די שטאָט פון זיבן קלויסטערס,
די שטאָט פון קראָמען און בייכיקע רייסטערס
און דאָס לאַנד פון פּאָגראָם און שחיטת־נפש.
כ׳האָב זיך געלאָזט איבערן אַטלאַנטיק
און אָנגעקומען אינם לאַנד פון גאָלד און פריי.

דאָ, אינם לאַנד פון גאָלד און פריי
האָבן זיך מיינע פיס געשטאַרקט —
אין פּראָצעסיעס פאַרן שטיקל זאַטן ברויט,
פאַר דעם ביסל גאָלדענע ליכט.

איינמאָל אין אַ שמיטה,
האָט מיין קלאָס געדאַרפט באַנייען די פּראָצעסיע
פאַר דעם ביסל זאַטקייט,
פאַר דעם ביסל גאָלדענע ליכט,
האָב איך געבענטשט יענע בויער
וואָס האָבן אויפגעשטעלט ווענט,
וואו איך האָב צוגעשפּאַרט אַן אַקסל, —
וואו איך האָב אָפּגערוט מיינע מידע קני.

אַ פּאָליציאַנט איז פאַר מיר געבליבן שטיין —
אַ בלאָע פלאַש.
— טאַכטער קאָנסט דאָ ניט שטיין,
ביסט נישט באַלעבאָס פון דער וואַנט.

— איך נעם ניט צו די וואנט,
דער באַלעבאָס איז דען געבוירן געוואָרן מיט דער וואנט?
— פאַר אַזוינע קלוגע רייד שיקט מען ארוים פון לאַנד!
יאָ, מען שיקט צוריק!

— אַ שיף שווימט אויך אָפּ קיין אירלאַנד;
האָב איך צעשטערט זיין יענקי בריק.
בגילופנדיק האָט ער צו מיר געלאַכט
און „פאָטערלעך" געדריקט מיין האַנט.

* * *

די „היי־מאַרקעט" מאַרטירער
האָבן פאַר אונדז געשעפּט פולע הויפנס ליכט.
מיר, די פופציק טויזנט האָבן געפּורעמט
פינף־טאָגיקע אַרבעטס־וואָך —
דעם גאַנצן שבת פאַר זיך.

דאָ, אינם לאַנד פון גאָלד און ליכט
האָב איך דעם רעכענונג פאַרלאָרן —
כ׳וויים ניט געגוי
— טאַטעניו ליבער, וועלכע סדרה איז די וואָך?
און ס׳פּלאָטערט פאַר מיר אויף אַ ניגון:
„ויאמר אדוני" —
הער איך יידן מעביר־זיין די סדרה,
זע איך יידן שליידערן פון זיך דעם יאָך.

* * *

מיטן שבת, דעם באַפרייטן, מיר האָבן זיך געלאָזן,
אין געשלאָסענע רייען זיינען מיר געגאַנגען —
זינגענדיק אַן אַנדער ניגון:
„אָ, ברידער מיר האָבן געשוואוירן" — — — —

# דער פערטער ניגון

אונטערן קלאַנג פון פערטן ניגון
שוועבן זאָל די אייביקע „מלא", —
דורכגעחלומט כ'וויל אַ רואיקע ליגן,
שטילקייט זאָל מיין מידן האַרץ פאַרוויגן,
נאָך מיין ווייטאָקדיקן לעבנס-ניגון, —
אָן טומל, אָן געוויין, אָן יללה.
אונטערן קלאַנג פון פערטן ניגון
שוועבן זאָל די אייביקע „מלא" — — — —

# אינהאַלט:


זייט

I

ליכטיקע מיסטעריע — 5
אַ ניגון — 6
היטערין פון עכטן גאָרטן — 6
די ברכה — 7
אַ בעטלערס תפילה — 8
דער שטעקנטאַנץ — 10
דיין וואונדער — 11
שלאַנק ווי אַ סאַרנע — 12
דיכטערינס — 13
מיטן ריטם פון ים — 14
צום ליד — 14
דיינע פליגל — 14
אין זכות פון וואָרט — 15
עשירות — 15
פריידיקע טעג — 16
קינדערלעך — 16
זון — 16
נאַכטיקער שימער — 16

אַ רינג אין דער גאָלדענער קייט

אַ בריוו צום זיידן — 17
מאַנהעטן — 19
אַ תפילה — 20
ניו־יאָרקיש — 21
סינדערעלאַ — 24
קוואַרטעט — 25
חצות — 26
דער פעסט — 27

די גאָלדענע עלטער

צום פרייען ברעג — 29
האַרט געוועזן איז דער באָדן — 29
פּאַרנאַכט אין שאַפּ — 30
בויער — 31

זייט

היימלאָזער — 31
הונגער — 32
צום ערשטן מאַי — 33
די אַלטע נייטערין האָדל — 34
נאָכן טאַנץ — 35
עפּילאָג — 36

II

ר׳ בערטשע דערציילט — 39
די מאַלינע — 40
צום פאָטער — 42
געטאָלע — 44
אַ תפילה — 46
אין די טעג — 47
אַ געבעט — 47
צום תענית — 48
דאַניעלאַ — 49
לזכרון — 50
צו חנה סענעש — 51
פּאַרטיזאַניש ליד — 52
אַ פּאַרטיזאַנקע דערציילט — 52
מרים — 53
נאַכט אין קראָטאָנאַ פּאַרק — 54
ר׳ נחמן טענהט — 56
אַ מידער וואָגלער — 58
חוה דערציילט — 59
אַ מעשה — 60
עס איז דאָ אַזאַ כוח — 61
אין אַ פּאַרנאַכט — 62
זון פּאַרגאַנג — 63
דערצייל דו קלוגער וואָגלער — 64

געזאַנגען צו ישראל

די צענטע טויב — 65
דער ווייסער רייטער — 66
דעם סטאָליערס טאָכטער — 67

צו די וואַסערקוואַלן — 68
געזאַנג פון שניטער — 69
איר געזאַנג — 70
דער נייער טורעם — 70
רויזן — 71
פאַרנאַכט — 71
בלעטער פון אַ רויז — 71
זיבן זיינען זיי געווען — 72
ווייסער גאָלד — 73
זיבן ברונימער אין נגב — 74
אין מדבר פאַרנאַכט — 76
ביאַליקס ניגון — 77
אוצרות — 77
אַ האָראַ — 78
חנה טשיזשיקן — 79
ישראל וויגליד — 80
בלילה, על המשמר — 81
סיני אַקציע — 82
בת גלים — 84
פיאָנער — 85
רחל — 86
זיבן ווייסע אייזעלעך — 87
אין דיין טוי — 88
חג הבכורים — 88
קינסטלער אין ישראל — 89
אַ ליכטיקע נסיעה — 90
צוויי כוחות — 91
ליד — 92


III


חומש מאָטיוו — 95
באַגעגענט — 96
פאַרהיט — 97
איך און דו — 98
דיין יונגער טאָג — 98
פאַר מיין פענצטער — 99
רחבות — 99
איך ווייס נישט — 100
ערב שטורעם — 101
אַן אורח — 102
אַ בקשה — 103
וואונדער — 104
ווי אין חלום — 105
דעם טאַטנס ניגון — 106
דער באָבעס תפילה — 107


זייט


די קאַראַבעלניצע — 108
אין חלום — 109
די וואַסער טרעגערין — 110
מיד — 112
דאָס בלויע קליידעלע — 113
שפּאַציר — 114
אַ טענצערין — 115
דערמאָנונג — 117
די געהיימע פאַרזאַמלונג — 118
פאַרן שפּיגל — 119
בערל דער שמיד — 120
פרילינג אין שטעטל — 121
אַ תפילה — 122
אויף מיין שפּאַציר — 123
אַ בלויער פאַרנאַכט — 125
איך זינג — 126
האַרבסט — 127
טעג, ווי בלעטער — 127
לערן מיך די פרייד — 128
זיפּצנדיקע טריט — 129
מיין אויסשטעלונג — 130
ס'איז ניט — 130
דער מאַעסטראָ — 130
פאָלקיש — 130
גורלדיק — 130
בלעטער — 131
ביים ברעג ים — 132
צו גאַסט — 133
שאַרף אָן — 136
טויזנט שאָטנס — 137
אויף קופּער סקווער — 138
הונגער — 139
טרערן — 139
דער אויסגעהאָרעוועטער — 140
אַ פאָרטרעט — 140
מאַרטשבענק — 141
די בלאָנדע מעגי — 143
מעגיס לוסט — 144
אלול־מאָטיוון — 145
ליכטיקער מאָרגן — 146


IV


אַ מעשה — 149
ר' שלום עליכם דערציילט — 150
מיט 70 יאָר צוריק — 151

זייט

צום מייסטערס שוועל — 151
אותיות פיר־קאַנטיקע — 152
דער פּאַסטוך מיטן פייפל — 153
בריוו — 155
אַ דעמבענער טיש — 157
צו משה לייב האַלפּערן — 158
בלעטער — 159
חותם — 160
קינדער־יאָרן — 161
אַקוואַרעל — 162
לייענענדיק איזי כאַריק — 163
ס'איז דאָ אַזויפיל פריידּ — 164
אויפן באַרג — 165
פּאַרהוילן — 166
דו זאָגסט — 167
פריינטשאַפט — 167
אין אַ פאַרנאַכט — 168
אויפן לאַנד — 169
בלויער באַגינען — 169
זון — 169
פאַרנאַכט אויפן לאַנד — 170
זילבער וואָלקנס — 171
האַרבסט — 172
טריקעניש — 173
נאָך אַ רעגן — 174
פאָלקיש — 174


## בעלי־חיים

דער אָדלער — 175
דער באַבאַלינק — 175
די קוקאַווקע — 175
די שלאַנג — 175
די פּאַטלאַטע הון — 176
צו דער לבנה — 176
דער הירש — 177
צו אַ וועוורי‍קל — 178
אימפּרעסיע — 179
אַ ליבער גאַסט — 179
פרימאָרגן אין סאַנאַטאָריע — 180
ר' נתן דערציילט — 181
סעזאָנען — 182
פרילינג — 183
זומער — 184
האַרבסט — 185
ווינטער — 186
זיבן פאַרבן — 187


זייט

## V

## קובאַנער מאָטיוון

אין וועג — 191
נאַכט אין באַן — 192
אויף פליגל — 193
האַוואַנאַ — 194
צו כאָסע מאַרטי — 195
ביים ברעג ים — 196
אויפן אינדזל קובאַ — 197
אין דיין לאַנד — 198
דער שלייפער — 199
כאָסע מאַרטי — 200
אין פאַרק צענטראַל — 200
צו אייך — 201
ווי איין טאָג — 201
מיין פרייד — 202
אַ ניגון — 203
אויף דער חתונה — 203


## אויף אַמעריקאַנער באָדן

געשטאַלטן — 204
אין אַטראַן קולטור הויז — 206
אין פּלאַנעטאַריום — 207
ביינאַכט אין סאָבוויי — 208
אויף נייעם באָדן — 210
צו אַ דיכטערין — 211
פּאָרטרעט — 212
פרייד פון אַרבעט — 212
בעטלער — 213
רעגן אין ניו־יאָרק — 214
דורותדיקע ירושה — 215
דער ווייסער זיידע — 216
אין ביבליאָטעק — 218
בין השמשות — 219
מעבלירטע צימערן — 219
טרעבלינקע אַש — 220
ביים האָדסאָן פאַרנאַכט — 221
אַ געשיר וואַשער — 222
אַ פאַרנאַכט — 222
פאַרשניטן — 223
באַלונס — 224
וויגליד — 225
אַ מעבל פאַרקויפער — 226
טונקלהויטיקע אַרבעטאָרין — 227
דזשאַן בראַון — 228

| | זייט |
|---|---|
| פאַרזיי — — — — — — — — — — | 229 |
| פרילינג — — — — — — — — — — | 229 |
| גאָטס קינדער — — — — — — — — | 230 |
| אין מעמאָריאַם — — — — — — — — | 231 |
| אין קריג — — — — — — — — — | 232 |
| טעג פון מורא — — — — — — — — | 233 |
| אויף אַמעריקאַנער וועגן — — — — | 234 |
| הילדאַ רובין — — — — — — — — | 235 |
| טויבן, מענטשן, עלנט — — — — — | 236 |
| אויפן אינדזל מאַנהעטן — — — — — | 237 |

טרייענגל פייער

| | |
|---|---|
| אין שאָפּ — — — — — — — — | 238 |

| | זייט |
|---|---|
| אָנהייב טאָג — — — — — — — — — — | 239 |
| סאָפּי — — — — — — — — — — — | 239 |
| אַן אַפּרייטערין — — — — — — — — | 240 |
| זכרונות — — — — — — — — — — | 241 |
| סיציליאַנער טעכטער — — — — — — | 243 |
| פּאַניקע — — — — — — — — — — | 244 |
| איין טאָג אין שאַפּ — — — — — — | 245 |
| אַ בריוו — — — — — — — — — — | 246 |
| 147 — — — — — — — — — — — | 246 |
| דורך אויגן אין פיבער — — — — — | 247 |
| די פּאַרליידי קלאַראַ — — — — — — | 248 |
| אַ געבעט — — — — — — — — — | 249 |
| דריי ניגונים — — — — — — — — | 250 |
| דער פערטער ניגון — — — — — — | 252 |